# וָואס בֶּעשֶׁערְט
# דָאס בֶּעוֶוערְט

אַיין שֵׁיינֶע אוּנְד אִינְטֶערֶעסַאנְטֶע עֶרְצֶיילוּנְג

פֿערפֿאסט פֿון נאטה גליקק.

הזכות נמכר לצמיתות להמו"ל

נאכֿדרוק פֿערבאטען



## ווילנא

שנת תרמ"א לפ"ק

ВОСЪ БАШЕРТЪ, ДОСЪ БАВЕРТЪ.

Чему быть, того не миновать.

Разсказъ Н. Глика; изд. М. М. Каценеленбогина.

ВИЛЬНА. Въ типографіи Л. Л. Маца,
на Квасномъ переулкѣ, д. № 1195/6 1880 г.

# ערשטעס קאפּיטעל

„חַיְקֶע ? וָואס שוּשְׁקֶעסְט זִיךְ דָאס מִיט מֶערְקֶען?“ הָאט גֶעזָאגְט אִיצֶע בְּרַיינֶעס מֵיידֶעל בְּשַׁעַת זֵייא זַיינֶען גֶעזֶעסִין אוֹיף דֶעם זַאמְד נִיט וַוייט פוּן יוֹחָנֶענְס הויז.

—„וָואס הַארְט עֶס דִיר ?“ הָאט חייקע אִיר גִיעֶנְטְפֶערְט, אַלְץ דִינְג מוזט דוא וִויסֶען.

—אִיךְ וֵוייס אִיךְ וֵוייס, הָאט זִיא אִיר גִיעֶנְטְפֶערְט, דוא רֶעדְסְט אִיר אָן זִיא זָאל זַיין מִיט מִיר בְּרוֹגֶז. — אָה, אָסוּר נִיט, „הָאט חייקע „עֶרֶנְסְט גֶעשְׁוואֹרֶען“ הֶערְסְט דוא זָאל אִיךְ קְרֵיינְקֶען, אויב אִיךְ רֵייד אִיר אָן, אִמָאדְנֶע מֶענְטְשׁ זִיא אִיז וִויא נָאר עֶפֶּעס מֵיינְט זִיא רַק אוֹיף אִיר.

—הֶע, מִיר וֶועסְט דוא נִיט נַארֶען, אִיךְ וֵוייס אִיךְ וֵוייס— „הַיינְט הָאבּ אִיךְ אִיר גֶעזָאגְט אַז אִיךְ הָאבּ גֶעזֶעהֶן וִויא וַואסֶערְשְׁטֵיין הָאט גֶעגֶעבִּין שְׁפְּרִינְצֶען אַקוּש — הַא זֶעהְסְט שׁוֹין אַז דוּ וֵוייסְט נִיט: „אִי אִי“ הָאט זִיא גִיעֶנְטְפֶערְט, אוּנ שפּרינצע הָאט זִיךְ גֶעלָאזֶען?

— וֶוער שפּרינצע? יא. · —

—אוֹי, אוֹי, . . . . הֶערְסְטוּ חייקע, וואסערשטיין אִיז אַמָאל גִיוֶוען בַּייא אוּנְז אִיז עֶר צוּ גִיגַאנְגֶען צוּ מַיין שְׁוֶועסְטֶער . . . . — מֶען שְׁפִּילְט מֶען שְׁפִּילְט אִיז אִיר מערקע אַרַיין גֶעפַאלֶען אִין דִיא רֵייד „אָה לָאמִיר לויפֶען, דִיא סָאלְדַאטֶען גֶעהֶן אִין לַאגֶער זֵייא שְׁפִּיעלֶען“ אַלֶע מֵיידְלַאךְ הָאבֶּן גֶענוּמֶען לויפֶען אִין גַאס דִיא סָאלְדַאטֶן הָאבֶּן גֶעהֶנְדִיג גֶעשְׁפִּילְט גְרוֹיסֶע בַּחוּרִים זַיינֶען נָאךְ גֶעגַאנְגֶען נָאךְ זֵייא אַזוֹי הַאסְטִיג מֵיידֶן הָאבֶּן אַוֶועק גֶעווֹארְפֶען זֵייעֶר עֶרֶב שַׁבָּתְדִיגֶע אַרְבֵּייט אוּנ גֶעלָאפֶען זֶעהֶן, גְלִיקְלִיךְ אִיז גִיוֶוען דִיא דִינְסְט מֵיידֶעל וָואס אִיז אִיר אוֹיס גֶעקוּמֶען צוּא טְרָאגֶען דֶעם טְשָׁאלֶענְט גְרַאדֶע

אִין גַאס אַרוֹיף וואוּ דִיא מוּזִיק זַיינֶען גֶעגַאנגֶען, קְלֵיינֶע יְשִׁיבָה בָּחוּרִימְלַאךְ מִיט דִיא שַׁבַּתְדִיגֶע צֶערְקֶעסֶענֶע קַאפָּאטְקֶעלַאךְ הָאבֶּן אַוֶועק גֶעלָאזֶען אִין מִיטֶען מַעֲבִיר זַיין דִיא סֶדְרָה דֶעם חוּמָשׁ אוּנ נָאךְ גֶעלָאפֶען, אֵיין סָאלְדַאט הָאט אַאִידֶענֶע אַזוֹי דֶער עֶסֶען אַז דִיא הָאט פָּשׁוּט גֶעשְׁלַאקְט, אַאִינְגֶעלֶע אִיז גֶעלָאפֶען נָאךְ זַייא הָאט אַסָאלְדַאט גֶעחַאפְּט זַיין הִיטֶעלֶקֶע אוּנ הָאט אַוָוארְף גֶעטָאן אִין דֶער הוֹיךְ, אָבֶּער מֵיינְט אִיהר אֶפְשָׁר אַז דֶער סאלדאט הָאט נִיט גִיהַאט אַפְסַק? הַא עֶר אִיז אוֹיס גֶערִיסֶען גֶעוָוארֶען זִיא הָאט אִיהם גֶעזִידֶעלְט וִויא אַפּוֹיעֶר זִיא הָאט גֶעשְׁרִיעֶן נָאךְ אַנַאנְד „טִי, צָא טִי צַאפַּקָא וָואזְמִישׁ (שְׁטָא טִי שַׁאפְּקוּ וְוזְיַאל) עֶךְ טִי, דֶער סאלדאט אִיז אוֹיךְ גֶעבְּלִיבֶּען אַטוֹיטֶער, אוּנ גֶעשְׁטוּמְט וִויא דִיא וַואנְד.

—„הֶערְסְט וִויא אַזְשִׁיד רֶעדט רוּסִישׁ” הָאט גֶעזָאגְט אֵיין סְטוּדֶענְט צוּא דֶעם אַנְדֶערֶן וָואס זַיינֶען גְרַאדֶע פֶּערְבַּייא גֶעגַאנְגֶען פַאר בַּייא דִיא אִידֶענֶע.

—אַזְשִׁיד פַּארְךְ פוּן וֶועמֶען עֶר רֶעט דָא הַא, הַא, חַא, אִיךְ זָאג אַיךְ וואסערשטיין דִיא זֶעלְבִּיגֶע וָואס אִיךְ זָאג אַייךְ שְׁטֶענְדִיג, אַאִיד אִיז וֶוערְט מֶען זָאל אִיהם הֵייְנֶען אוּנ טְרַיינְקֶען אַז עֶר טְרֵיינְקְט זִיךְ דַארְף מֶען אִיהם אוּנְטֶער טוּקֶען אַז מֶען הֵיינְגְט אִיהם דַארְף מֶען צוּא צִיעָהֶען דִיא שְׁטְרִיקֶעל דִיא וֶועלְט אִיז מִיטֶן אִידֶען אוּמְגְלִיקְלִיךְ דְהַיְינוּ זֶעה אָט יֶענֶעם אִידֶען וָואס גֶעהט דָארְטֶן מִיט דִיא לַאנְגֶע פֵּאוֹת מִיט דִיא לַאנְגֶע זוּפִּיצֶע זֶעה גִיב אַקוּק. וָואס פַאר אַמִיטְשׁוּטְשֶׁעלָא חֶע, חֶע, חִי.

—נָאר עֶר הָאט אָבֶּער אַוואזְשְׁנֶע מֵיידֶעל „הָאט וואסערשטיין גִיעֶנְטְפֶערְט” אַה דוּא וָואלְסְט אִיהר זֶעהן... אַמַאטוּשְׁקֶע דָאס אִיז... זִיא לָאזְט זִיךְ גֶעבֶּען אַקוּשׁ.. — אַזוֹי? „הָאט דֶער אַנְדֶערֶער גֶעלַאכְט”. קֶען אִיךְ מִיט אִיר נִיט בֶּעקַאנְט וֶוערֶן?—

—וִויא פַייעֶר „הָאט וואסערשטיין גֶעזָאגְט” אִיךְ וֶועל דִיר זָאגֶען זִיא קוּמְט אַלְץ בַּייא אוּנְז צוּא מַיין שְׁוֶועסְטֶער בְּשָׁעַת זִיא וֶועט קוּמֶען וֶועל אִיךְ אַרֵיין לוֹיפֶען צוּא דִיר, אִיךְ וֶועל דִיר זָאגֶען וֶועסְט אוֹיךְ אַרֵיין קוּמֶען אוּנ אִיךְ וֶועל דִיר פָארְשְׁטֶעלֶען, מִיט אִיר בֶּעקַאנְ

צוא ווערען דארף מען האבען וויניג צערעמאניעס — נור מען דארף איר חנפ'נען, זיא איז שיין זיא איז קלוג — „דאס קען איך“ האט ער גיענטפערט.

—מארגען זאל דאס פאסירען. — גאנץ גוט איך וועל זיין מארגען נאך מיטטאג אין דער היים.

—אה, אפייער! אה אפייער! „איז געלאפען אאידענע איבערן גאס פארברענענדיג מיט דיא הענד שרייענדיג“ וואו איז דאס? וואו איז דאס „האבען געשריען איניגע מענטשען אין דעם וויא עס האבען זיך צוזאמען געקליבען אנארד מענטשען ארום איר דיא אידענע איר געווארען אזוי וויא צוא מישט פון דיא מענטשען אונ האט אלעמען אנגעקוקט „וואו איז דאס?“ האבען אלע געשריען „וויא געפעלט עס אייך?“ האט דיא אידענע אן געהויבען צוא שרייען מיין טשאלענט איז געבליבען שטיין אונטערן פאפעצע, אפ געבראכען זאל ווערען חנה ביילעס דער נארד איז פארנאנדער געגאנגען אונ געלאכט, נור פיעלע ווייבער זיינען געבליבען איר טרייסטענדיג אבער זיא האט זיך ניט געלאסט טרייסטען אונ איז אריין אין שטוב מיט אטרויריגע הארץ אונ מיט אצובראכענעם געמיט.

דער מאן האט איר אן געקוקט אין צורה אונ געלאכט.

—„וואס לאכסט דוא נאך?“ האט זיא איהם געזאגט „אזא מכה זאל דיר זיין אין האלז וואס פאר אשבר לב איך האב קאלבאסניק.

—אה, ווייבער, אה, ווייבער «האט דער מאן געזאגט צוא נאך אלעבען איהם זיצענדיגען יונגען מאן» איך זאג אייך בנאמנות אז פאר דיא אבילה וואלטען זייא זיך היינגען אונ טרינקען.

—אכפרה זאלסט דוא ווערען דער קלאג זאל דיר חאפען רבונו של עולם איך זאל פון דיר פטור ווערען — וואס וועסט דוא מארגען פרעסען? „האט זיא ווייטער מיט כעס געזאגט.

—דער גאט וואס שיקט צוא דעם שפינער זיין וויין דעם טרינקער זיין פלאקס «האט ער גיענטפערט» דער וועט מיר אויך מארגען צו שיקען צוא ערנערען זיך.

—וָואס לַאכְסְט דוּא אָפּ גֶערִיסְסֶען זָאלְסְטוּ וֶוערֶן „הָאט זִיא ווייטֶער גֶעשְׁרִיעֶן“ נוּא טַאקֶע מְחוּתֶּנֶסְטֶע עֶס אִיז דָא וָואס צוּ לַאכֶען „הָאט דֶער יוּנְגֶר מַאן אִיר גִיעֶנְטְפֶערְט“ מַאלֶע וָואס עֶס טְרֶעפְט דַארְף מֶען זִיךְ דֶער פוּן אַזוֹי פִּיעֶל אָן גְרַייפֶען אִיהר וֶועט הָאבֶּן מָארְגֶען וָואס צוּ עֶסֶען אִיךְ וָועל זַיין צוּא פְרִידֶען מִיט וָואס אִיהר וֶועט מִיר גֶעבֶּען, —נָא, נָא, „הָאט דִיא מְחוּתֶּנֶעכְטֶע גֶעזָאגְט“ אִיךְ הָאבּ זִיךְ דָאס גֶעפְרֵייט מִיר וֶועלֶען הָאבֶּן אַגֶערָאטֶענֶעם קוּגֶעל אַנַאסְט אִיז דָא אִיךְ וֵוייס, אִיצְט זֶעה אִיךְ מַאקֶע אַז מִיר אִיז נִיט בֶּעשֶׁערְט אֲפִילוּ אַקְלֵיינֶער נַחַת.

—וָואס רֶעדְסְטוּ מִיט אִיר הָאט זִיךְ דֶער מְחוּתָּן צוּם יוּנֶגֶען מַאן גֶעקֶעהרְט, אָט אֲדַאגָה דָאס אִיז, לָאמִיר זִיךְ אוּמְקֶערֶען צוּ אוּנְזֶער גֶעשְׁפְּרֶעךְ. אִיךְ רֶעכֶן דִיא חֲתוּנָה צוּ מַאכֶען בַּאלְד נָאךְ שְׁבוּעוֹת.

—נֵיין לִיבֶּער מְחוּתָּן, „הָאט דֶער חָתָן גֶעזָאגְט“ אִיךְ קֶען דְרוֹיף נִיט אַיינְשְׁטִימֶען אַזוֹי גִיךְ דִיא חֲתוּנָה צוּא בֶּעשְׁטֶעמִיגֶען, אִיךְ וֶועל אַייךְ זָאגֶען דִיא רִיכְטִיגְקַייט אִיךְ רֶעכֶען אַז אִיךְ הָאבּ גֶעטָאן אַגְלִיק שִׁידוּךְ, עֶרְשְׁטֶען וַוייל אִיךְ קוּם אַרַיין בַּייא אַייךְ אִין הוֹיז וָואס זִיא אִיז גֶעשֶׁעפְּטֶען רַייךְ אִיךְ הָאף דָא אַשְׁטִיקֶעל מֶענְטְשׁ צוּא וֶוערֶן צְוֵוייטֶען וֵוייס אִיךְ אַז אִיהר זַייט אַיין אָרֶענְטְלִיכֶער מַאן אוּנ אִיהר לֵיעבְּט זֵייעֶר אַייעֶרֶע קִינְדֶער וָואס זַיינֶען נוּר אִין גַאנְצֶען צְוֵוייא אוּנ זַייט אַגֶענִיטֶער קוֹיפְמַאן וָואס מִיט דֶער צַייט קֶען אִיךְ וֶוערֶען וִוירְקְלִיךְ טַאלַאנְטְפָאל, אָבֶער וָואס זָאל מֶען מָאן עֶס קֶען אָבֶער.... „אִיךְ פֶערְשְׁטֵייא וָואס דוּא ווִילְכְט זָאגֶען“ הָאט דֶער מְחוּתָּן אִיהם אוּנְטֶער גֶעהָאפְּט דִיא כַּלָּה גֶעפֶעלְט דִיר נִיט.

—יָא, הָאט דֶער חתן גִיעֶנְטְפֶערְט דִיא כלה גֶעפֶעלְט מִיר גָאר נִיט נֵיין, אֲפִילוּ אִין אָנְבְּלִיק אִיז זִיא דָאךְ אַפִּיינֶעס מֶעדְכֶען נִיט דוּם אָבֶער אִיךְ זֶעה דָאךְ, זִיא אִיז הֶעכְסְט פֶערְדָארְבֶּען. זִיא מֵיינְט זִיא אִיז גֶעבִּילְדֶעט אוּנ הָאט קֵיין בִּילְדוּנג אֲפִילוּ אַפוּנְק פוּן בִּילְדוּנְק אוֹיךְ נִיט דָאס הֵייסְט דִיא אִידִישֶׁע פֶערְדָארְבֶּענֶע בִּילְדוּנְג זֵייא פַאנְגֶען אָן עֶטְוָואס קֶענְטְנִיסֶע צוּא עֶררַייכֶען צוּא לֶעזֶען אוּנְד וֶוערֶן בַּאלְד פַאר פַאנְטַאזִירְט אוּנ בְּלֵייבֶּען גַאנְץ זִיטֶענְלָאז פוּן

גרוים

גְרויס לוּסְט צוּא דֶער נַייֶע מָארִישֶׁע וֶועלְט לָאזֶען זִיךְ אַוֶועק אִין גָאר גִיכְטְס אַנְדֶערֶע שְׁפְּרִינְגֶען אִיבֶּער דִיא גְרֶענְצֶע דֶער זִיטְטֶען. — דֶער אִיךְ מִיט זַיין צֶערֶעמָאנִיא הָאט בַּייא זַייא קַיינֶע ווירְדֶע, נָאכְהֶער ווידֶער הֵייראַטְהֶען זַייא אֵיינֶעם וֶועלכֶען זַייא פֶערְלַאנְגֶען אִיז בַּאלְד אוֹיף מָארְגֶען נָאךְ דֶער חֲתוּנָה בַּייא זַייא שְׁלֶעגֶערַייא צַאנְק וָואס דָאס בְּרֵיינְגְט צוּא אוּנְמֶענְשְׁלִיכְקֵייט אוּנְאָרְדֶענְטְלִיכְקֵייט פַאר גָאט אוּנ פַאר לַייט, הֵייַראטֶען זַייא ווידֶער אֵיינֶעם וָואס זַייא פֶערְלַאנְגֶען אִיהם נִיט אִיז נָאךְ דֶער חֲתוּנָה אוֹיךְ גַאנְץ פְּרָאסְט אִיז בַּייא זַיי רֶעכְט גַאנְץ שְׁנֶעל דֶעם מַאן עֶנְטְוֶוענְדֶער גָאר אָטְפַּרַאוֶוען אוֹיף יֶענֶעם עוֹלָם אָדֶער אִיהם גְלַאט פֶערְלָאזֶען אוּנ זִיךְ בֶּעהֶעפְטִין צוּא אַנְדֶערֶע, פֶערְדָארְבֶּענֶע בִּילְדוּנְג קֶען צוּא אַלֶעם בְּרֵיינְגֶען, אִיךְ זָעה דָאךְ הַיינְט גְרַאדֶע גֶעסְטֶערְן נַאכְטְס בִּין אִיךְ אָנְגֶעפָאהרֶען טְרָאמְץ אִיר קַאלְטֶען עֶמְפְּפַאנְג הָאבּ אִיךְ הַיינְט שׁוֹין גֶעמֶערְקְט אֵיינֶעם, בִּיז אוּהר עֶלְף אִיז זִיא צוּא הוֹיזֶע גֶעוֶוען נַאכְהֶער הָאט זִיא זִיךְ אָנְגֶעצוֹיגֶען אוּנ אִיז אַוֶועק, אוּנ דִיא אוּהר אִיז שׁוֹין יֶעצְט הַאלְבּ זֶעקְס, עֶר נֶעמְט אַרוֹיס דִיא אוּהר אוּנ זֶעהט, אוּנ זִיא (זָאגְט עֶר וַוייטֶער) אִיז נָאךְ אַלְץ נִיט דָא — .

דֶער פָּאטֶער הָאט זִיךְ אַחאפּ גֶעגֶעבֶּען פוּן טִישׁ זַיין גֶעזִיכְט הָאט אִיהם גֶעפְלַאמְט וִויא אַפַייֶער מֶען הָאט גֶעזֶעהֶען עֶס אִיז אִיהם גֶעגַאנְגֶען בְּלוּט פוּן דִיא אוֹיגֶען, חַייקֶע!! הָאט עֶר אַגֶעשְׁרַייא גֶעטָאן, עֶס הָאט זִיךְ בַּאלְד בֶּעווִיזֶען אַקְלֵיינֶע מֵיידֶעל, גֶעה אַרַיין בַּייא וואסערשְׁטֵיין זֶעה אוֹיבּ דָארְטֶען אִיז דָא שְׁפְּרִינְצֶע זָאג אִיר אַז זִיא זָאל שׁוֹין אַרַיין קוּמֶען אִיךְ הֵייס אִיר, דוּא הֶערְסְט? חַייקֶע אִיז אַרוֹיס גֶעלָאפֶען עֶר אִיז אַרוּם גֶעגַאנְגֶען אִיבֶּערְן שְׁטוּבּ הִין אוּנ צוּרִיק מִיט גְרוֹיס כַּעַס, בַּאלְד דְרוֹיף אוֹיף זַיינֶע הֵייסֶע צֵיינֶער אִיז שְׁפְּרִינְצֶע אַרַיין גֶעקוּמֶען מִיט חַייקֶען, שְׁפְּרִינְצֶע קוּם אַהֶער, הָאט דֶער פָּאטֶער אִיר אִין זָאל אַרַיין גֶערוּפֶען אוּנ צוּא גֶעמַאכְט דִיא טִיר דֶער חתן אִיז גִיזֶעסֶען אִין עֶס צִימֶער אוּנ גֶעטְרוּנְקֶען טֶהעע, אוּנ הָאט זִיךְ נִיט גֶעמַאכְט הֶערֶענְדִיג אוּנ זֶעהֶענְדִיג עֶר הָאט נוּר אוֹיף אִיר אֵיין בְּלִיק גֶעגֶעבֶּען אוּנ עֶנְדֶע. עֶר הָאט נוּר גֶעהֶערְט קְלוּנְגֶען

פוּן

פון פֶּעטְש אִין זַאאל אונ אַפֶּערְשְׁטִיקְטֶע וויינענדע שְׁטִימֶע דֶער פָּאטֶער אִיז בַּאלְד צוּרִיק אַרוֹיס גֶעקוּמֶען זֵייעֶר אוֹיסֶער זִיךְ אונ גֶעהַאט גְרוֹיס שבר לב עֶר הָאט אַיין וָוארְט נִיט גֶערֶעט , עֶר הָאט אָן גֶעצַאפְּט פוּן סַאמָאוַואר אַגְלָאז טֶהעע דִיא אוֹיגֶען זֵיינֶען אִיהם גִיוֶוען פוּל מִיט טְרֶערֶן , עֶר הָאט זִיךְ פֶּעסְט אַיין גֶעהַאלְטֶען דֶער חתן הָאט עֶס בֶּעמֶערְקְט אָבֶּער עֶר הָאט זִיךְ גֶעמַאכְט פַאר אַיין שֶׁאֵינוֹ יוֹדֵעַ לִשְׁאוֹל , אִין אַוַוײלֶע אַרוּם הָאט מֶען גֶעבֶּענְטְשְׁט לִיכְט.

---

## צְוֵויטֶעס קַאפִּיטֶעל

שבת בַּייא טָאג אִיז בַּייא דֶעם זֶעלְבִּיגֶען ר' מֵאִיר פְרֵיירֶענ-זָאהן אִין זַאאל גֶעזֶעסֶען דֶער חתן אַבְרָאם לִיפְּסְקִינְד בַּיים טִישׁ מִיט דִיא כלה שפרינצע אוֹיסֶער זַייא בֵּיידֶען וַואר נִימַאנְד אִין זַאאל זִיא וַואר גֶעקְלֵיידֶעט זֵייעֶר קָאקֶעטִישׁ מִיט אַהֶעלֶע זַיידֶענֶע קְלֵייד אַקְעטֶע מִיט אַיין אוהר אַלַאנְגֶער טִיעֶף אוֹיס גֶעבְּלֵייזְטֶער קְרַאגֶען מִיט אַגָאלְדֶענֶעם מֶעדַאלְיָאן דִיא קָאפּף זֵייעֶר פֶּערְפּוּצְט מִיט פַיינֶע בְּלָאנְדֶע הָאר מִיט אַבְּרוּשְׁטִינֶענֶע שְׁטֶעקְנָאדֶעל דָאס גֶעזִיכְט וַואר שֵׁיין רֵייצֶענְד פְּרַאכְטִיג , דֶער חתן אִיז גֶעגַאנְגֶען מִיט אַיין שְׁוַוארְצֶען טוּכֶענֶעם אַנצוּג מִיט אַגָאלְדֶענֶע אוהר אַטַייעֶרֶען קְלָאץ רִינְג אַפַיינֶע גֶערֶקְרוֹיזְטֶע אָבֶּער הֶעמְד דִיא הַאלְז זֵייעֶר רֵייצֶענְד פֶּער-בּוּנְדֶען דָאס גֶעזִיכְט זַיינֶע הָאט הֶעל גֶעבְּלַאנְקְט דָאס אִיז גֶעוֶוען אַמַאנְסְפֶּערְזָאהן וָואס וַואר אַפֶּערְגֶעניגֶען אונ גֶעשְׁמַאק אוֹיף אִיהם אַקוּק צוּא טָאן . עֶר אִיז גֶעוֶוען שֵׁיין , קְלוּג , גֶעזֶעצְט , גֶעבִּילְדֶעט , זַייא זַיינֶען צְוַואר בֵּיידֶע גִיוֶוען אַזוֹי וִויא גָאט וָואלְט אִין דִיא פָּאר אַשְׁטִיק נַאטוּר דֶער שֵׁיינְהַייט אַרַיין גֶעגָאסֶען, בַּייא אַלֶעם דֶעם הָאבֶּן זַייא זִיךְ גַאנְץ וֵויינִיג אָן גֶעקוּקְט , אַזוֹי וִויא גַאנְץ קַאלְטֶע פְרֵיינְדֶע זַייא הָאבֶּן אַצַייט צְווִישֶׁען זִיךְ גֶעשְׁפְּרָאכֶען , עֶר הָאט אִין אִיהר דֶער קֶענְט אַזוֹי פִיעל פֶּערדָארְבֶּענְהַייטֶען דָאס עֶר הָאט אִיהר זֵייעֶר פִיעל בֶּערוּיעֶרְט .

—ענדְלִיך, שפּרינצע לויט וִויא ֶעס שַׁיינְט מִיר הָאט אִיהר דֶעם אִידֶען גָאר אִין גַאנְצֶען פֶערהַאסְט? —„אִין גַאנְצֶען" הָאט זִיא גִיעֶנְטפֶערְט.

אוּנ וֶוער הָאט אַייך צוּא דִיעזֶען אוּנזִינֶען גֶעבְּרַאכְט? „הָאט ער ווִידֶער גֶעפְרֶעגט.

—אִיךְ גֶעה נָאךְ מַיין אֵייגֶענֶעם פֶערְשְׁטַאנְד, הָאט זִיא גִיעֶנְפֶערְט.

—אוּנ אִיךְ בִּין גְרַאדֶע אִין גֶעגֶענְטֵהייל גֶעזָאנֶען, אִיךְ לִיעבּ זַייעֶר מַיין נַאצְיָאן נָאךְ אַייעֶרֶע בַּייאשְׁפִּיעלֶען וָואס אִיהר הָאט מִיר פְרִיעֶר עֶרְקְלֶערְט קֶען אִיךְ אויךְ בַּאלְד אַזַא בַּייא שְׁפִּיעל אָן נֶעהְמֶען אִיךְ דַארְף יֶעצְט אויךְ הַאסֶען דֶעם יוּדֶענְטְהוּם וַוייל אִיךְ זעה אָן אַייךְ פִּיעל מֶעהרֶערֶע פֶערְדָארְבֶּענְהַייט אַלְס בַּייא דִיא יֶענִיגֶע וָואס אִיהר הָאט גֶעפוּנֶען פֶעלֶער אִין זֵייעֶר פְרוּמְקַייט אָבֶער דָאךְ בְּלַייבְּט מִיר מַיין נַאצְיָאן זֶעהר לִיעבֶּענְד אִיךְ קֶען דָאךְ נִיט בֶּעשׁוּלְדִיגֶען אִיבֶּער אֵיין פֶערְדָארְבֶּענֶעם מֶענְטְשֶׁען דֶעם גַאנְצֶען נַאצְיָאן. —

אִיהר קֶענְט מִיר אויךְ הַאלְטֶען פַאר פֶערְדָארְבֶּען וַוייל אִין מַיינֶע קָאמְפְּלִימֶענְטֶע שְׁטֶעקְט קַיין דַאמֶען רֶעכְט, אָבֶער אִיךְ וֵוייס דָאךְ דָאס זָא. וִויא זָא בִּין אִיךְ בַּייא אַייךְ גַאנְץ וֵויינִיג ווִילְקָאמֶען אִיךְ זֶעה דָאךְ עֶס נָאךְ אַייעֶרֶע בֶּעהַאנְדְלוּנְגֶען. —

—בְּלַייבְּט עֶס טַאקֶע וִויא אִיךְ הָאבּ מִיט אִיהנֶען פְרִיעֶר גֶע־שְׁפְּרָאכֶען — הָאט זִיא גֶעאַנְטְוָוארְטֶעט עֶטְוָואס בֶּעוֶועגְט.

—אִיךְ מֶעכְט הָאבֶּען דִיא עֶהרֶע לִיבֶּעס מֶעדְכֶען נָאךְ אַיין מָאל צוּ הֶערֶען. —

—הָאבֶּען זִיא דֶען פֶערְגֶעסֶען? הָאט זִיא גֶעפְרֶעגְט, דִיא בְּלִיקֶען הַאלְטֶענְדִיג אויף דִיא סֶערְוֶועטֶע.

דֶענְקֶעט אַייךְ וִויא אִיהר וָואלְט צוּא אִיךְ הָאבּ עֶס פֶער־גֶעסֶען אָדֶער אִיךְ וִויל עֶס נָאךְ אֵיין מָאל הֶערֶען אוּם עֶס טִיפְטִיגֶער צוּ בֶּעטְרַאכְטֶען אָדֶער זִיךְ צוּ אִיבֶּער קְלֶערֶן אִיךְ זָאל גֶעגֶען אִיהרֶען פָאטֶער מַיין כַארַאקְטֶער נִיט פֶערְלִירֶען. —

—מִיר זַיינֶען הֶעכְסְט נִיט פַאסֶענְד לִיבֶּער הֶערר לִיפּסקינד, מַיינֶע גֶעפִּילֶע זַיינֶען גָאר אַנְדֶערְשׁ אָן גֶעשְׁטֶעלְט — אִיהר דַארְפְט

פֶערְשְׁטֵיין לִיבֶּער פְרַיינְד דָאס יֶעצְט אִיז מַיין זָאמֶער, בַּאלְד קוּמְט דֶער ווִינְטֶער אוּנ אִיךְ מוּז מִיר אָן גְרֵייטֶען אִיךְ זָאל קֶענֶען אַם ווִינְטֶער רוּהִיג לֶעבֶּן, אוּנ לוּיט ווִיא עֶס שַׁיינְט מִיר זַיינֶען מִיר זַייעֶר אֵיינֶע נִיכְט גְלִיקְלִיכֶע פָּאר צוּא זַיין נַאכְהֶער זָארְגְלָאז עֶס זָאל מִיר וַוארְמֶען אִין דִיא קַאלְטֶע צַייט. —

—דַאמִיט הָאבְּן זַייא אַיין גֶעבִּילְדֶעטֶעס רֶעכְט לִיבֶּעס קִינְד גָאךְ פִיעל רֶעכְטֶער אַלְס אִיהְרֶע אוּנְזִינִגְקַייט צוּא פֶערְהַאסֶען דֶעם אִידִישֶׁען נַאצְיָאן. — אִיךְ שְׁטִימֶע דְרוּיף מִיט, גָאט בֶּעוַוארֶע אַייעֶר פָאטֶער אַיךְ אַייעֶר גְלִיק צוּ שְׁטֶערֶען אוּנ מִיר אוֹיךְ צוּ צְווִינְגֶען, אִיךְ בִּין גאָמלוֹיבּ רֶעכְט גֶעזוּנְד דָאס הֵייסְט נִיט פֶערלִיבְּט, אוּנ ווִינְשֶׁע זָאגַאר אוֹיף מַיין לֶעבְּן פוּן זָא וָואס נִיט צוּא ווִיסֶען, בַּייא אַלֶעם ווֶעל אִיךְ הֵיירַאטֶען, אִיךְ ווֶעל זֶעהֶן אוֹיבּ עֶס ווֶעט מִיר אַיין מֶערְכֶען אִיר הַאנְד גֶעבְּן, אוֹיבּ זִיא ווֶעט דְרִיבֶּער מִיר בְּרַאקֶען אָדֶער אוֹיבּ אִיךְ ווֶעל פַארְטִיעלָאז אָדֶער פֶערְזֶעכִין בְּלַייבִּין.

—גָאט בֶּעוַוארֶע, הָאט זִיא גֶעעֶנְפֶערְט, רוֹיט ווֶערֶענְדִיג.

—בַּייא אַלֶעם דֶעם בְּלַייבּ אִיךְ אַיךְ הֶעכְּכְט גוּט אִיךְ פֶערבַּייג אַלֶע אִיהְרֶע „עֶנְטְשׁוּלְדִיגֶען זַייא מִיר" דוּמֶע שְׁטְרַייכֶע וָואמִיט זִיא הָאבִּין מַיינֶעם אַיךְ אִימֶער אוּם בֶּעוואוּסְטֶען קֶערְפֶּער שְׁטוּינֶען גֶעקְלַאפְּט אִיךְ בְּלַייבּ אַיךְ הֶעכְּכְט גוּט, אוּנ ווִינְשֶׁע אַייךְ גְלִיק אִין אַייעֶר זִינְגֶען אָדֶער אוּנְזִינֶען אוּנ וָואס נוּר זִיא הָאפֶּען אַדְיֶע, עֶר הָאט זִיךְ פוּן טִישׁ אוֹיף גֶעהוֹיבִּין אוּנ אַרוּיס פוּן זַאל.

דֶער פָאטֶער הָאט אִיהם עֶרְקֶענְט דָאס עֶר וַואר אִין גְרוֹיס פֶערְדְרוּס אוּנ עברת הלב, עֶר הָאט פֶערְשְׁטַאנְען וָואס דָארְטֶן הָאט פַּאסִירְט, אוּנ הָאט פֶערלַאנְגְט עֶר זָאל אִיהם עֶרְקְלֶערֶען אָבֶּר דֶער יוּנְגֶער מַאן הָאט אִיהם נִיט גֶעזָאגְט, עֶר הָאט אִיהם גֶעלָאזְט מֶעלְדֶען ווֶעגֶען זַיין נָאךְ הַיינְט בַּייא נַאכְטִיגֶע אָפּ רַייזֶע אוּם נִיט צוּא בֶּעלַאסְטִיגֶען יֶעמַאנְד, דֶער פָאטֶער הָאט פֶערְשְׁטַאנֶען, עֶס אִיז אִיהם גִיוָוארֶען פִינְסְטֶער אִין דִיא אוֹיגֶען אָבֶּער וָואס קֶען מֶען זִיךְ הֶעלְפִין נוּר זִיךְ רַייסֶען פַאר דִיא הָאר אוֹיף דִיא עֶרְצִיהוּנְג יֶעצְט אִיז שׁוֹין צוּא שְׁפֶּעט, דֶער פָאטֶער הָאט אִיהם עֶרְקְלֶערְט דָאס זִיא ווֶעט

בֶּעסער וֶוערִין אָבֶּער עֶר הָאט נִיט גִיוָואלְט הֶערֶן אונ זֶעהֶן עֶר הָאט איהם עֶרקְלֶערְט דָאס עֶס אִיז אונמֶעגְלִיךְ זַייא זָאלִין בְּלַייבֶּען פֶערְאֵייניגְט ווייל עֶר הָאט אִין אִיר אַיינְגֶעזֶעהֶן דָאס זִיא לִיבְּט אַיין אַנְדֶערֶן, אָבֶּער עֶר הָאט אִיהם נִיט עֶרצֵיילְט אַז עֶר הָאט עֶס פוּן אִיר מויל גִיהֶערְט דֶער פָּאטֶער אִיז גִיוֶוען דְרוּף זֵייעֶר צוּא טְרָאגִין עֶר הָאט גִיזֶעהֶן דָאס עֶר קֶען פוּן אִיר שׁוֹין קֵיין נַחַת הָאבִּין אונ אִין דֶער טְהָאט אִיז זִיא גִיוֶוען אֵיינֶע זֵייעֶר אונבֶּעזָאנֶענֶע פְּרוֹיֶען-צִימֶער, פְּלוּטִישׁ, לַייכְטזִינִיג, זִיא אִיז גָאר נִיט גִיוֶוען גֶעבִּילְדֶעט פוּי וִויא קוּמְט זִיא צוּא בִּילְדוּנְג וָואלְט זִיא גִיוֶוען גֶעבִּילְדֶעט, וָואלְט זִיא אַנְדֶערְשׁ גֶעוָזאנֶען גִיוֶוען, זִיא הָאט נָאר גִילֶעזֶען אַצְוֵייא דְרַייא אִידִישֶׁע רָאמַאנְסְלַאךְ אונ אַבַּעֲלַת תַּאֲוָה אִיז זִיא גִיוֶוען אַגְרוֹיסֶע, אונ פַּארְטִיג בֶּעקַאנְטְשַׁאפְט הָאט זִיא גִיהַאט בַּייא וואסרשׁטיין אִין הויז וָואס דָארְטִין אִיז אַיין הֶעכְּסְט פֶערְדָארְבֶּענֶע הויז גֶעזִינְד אונ הָאבִּין אִיהר אַזוֹי אַיינְגֶעפְּלַאנְצְט צוּא פַיינְט הָאבִּין אַאִיהֶן אִיהם רוּפֶען זְשִׁיד פַארְךְ אִיהם אָפּ לַאבֶען, פֶערהַאסֶען דִיא אִידִישֶׁע רֶעלִיגְיֶע וָואס דַארְף מֶען שׁוֹין מֶעהר, דָאס קֶען בְּרֵיינְגֶען אַלְץ, דָאס קֶען בְּרֵיינְגֶען צוּא דָאס וָואס מִיר וֶועלִין שְׁפֶּעטֶער וִויסֶען. —

דֶער חתן אִיז טַאקֶע גִיוֶוען אַיין פַיינֶער בְּרַאוֶוער מַאן אַגְבִירְס אַזָאהְן עֶר אִיז גִיוֶוען רֶעכְט גֶעבִּילְדֶעט אונ אַיין הֶעכְסְט זִיטֶענְפָּאלֶער מֶענְטְשׁ אַגִיזֶעצְטֶער אַקְלוּגֶער דָאס מֶעדְכֶען וָואלְט פַאר אִיהם גְלִיקְלִיךְ גִיוֶוען זִיא הָאט זִיךְ אָבֶּער אַיין גֶעבִּילְדֶעט אַז זִיא אִיז פֶערְלִיבְּט אִין וואסערשׁטיינס בָּחוּר אַהֶעכְסְט פֶערְדָארְבֶּענֶער שִׁילֶער פוּן זֶעקְסְטֶן קְלַאס גִימְנַאזְיוּם, צוּא עֶר לִיבְּט אִיר אוֹיךְ דָאס וֶועלִין מִיר אוֹיךְ שְׁפֶּעטֶער וִויסֶען, דְרוּם הָאט זִיא פַאר אַכְטֶעט דֶעם אָרֶענְטְלִיכֶן יוּנְגֶען מַאן מִיט דִיא הָאפְנוּנְג זִיךְ מִיט יֶענֶעם צוּ פֶערְמֶאהלֶען דֶער פָּאטֶער וַואר גֶענוּג טְרוֹירִיג צוּ הֶערֶן אוֹיס דֶעם חתנס מויל דָאס עֶר רֶעכֶענְט נָאךְ זָאגַאר אוּם שַׁבָּת צוּא נֵאכְט צוּרִיק צוּא פָארִין זַיין הָאפֶענוּנְג הָאט עֶר פֶערְשְׁפִּילְט, עֶר הָאט בַּאלְד פְּרַאסְט גֶענוּמֶען וַויינֶען פַאר שׁבירת הלב אָבֶּער וָואס הֶעלְפְט עֶס שׁוֹין? אונ טַאקֶע פוּן אָבֶענְד בַּאלְד נָאךְ הַבְדָלָה וֶוען דֶער פָּאטֶער אִיז אַזוֹי פֶערְזָארְגְט גִיזֶעסִין

הָאט

האט ער דיא קאלטע האנד ערהאלטין צום זעגען אן ווערטער האבן זייא זיך געזעגענט דיא מוטער וואר עס גאנץ גלייכגילטיג זיא וואר איין פראסטע פרויענצימער, וואס ליבט איהרע קינדער צו פערציהען, וואס דאמיט פערדארבט זיא איהרע קינדער, אונ מאכט זייא אונגליקליך דען עס פערלויפט אקורצע צייט שלאגען דיא קינדער זייא נאך גאנץ גוט אן דיא מוטער ווער רעט שוין פון גראב בעהאנדלין ניט האבין קיין אונוואזשעניע שילטען שימפפען דאס פאנגען זייא גלייך אן, אין דיא שפעטערע צייט דאן זעהט מען זיך שוין ארום וויא ווייט מען איז אונגליקליך מיט אזעלכע קינדער וואס קענען זייא זיך העלפין אין גאנצין זיינען דא צוויא קינדער פיעל מיט איר האבין צוא טאן קענין זייא ניט, דען זיא איז גאנץ נאהונט פון איין אנדער גלויבען זיא שטייט שוין מיט איין פוס כמעט אויף דעם שוועל. —

יא, דער חתן איז אוועק געפארין, צו איהר פאטערס שמערץ אונ איר גליק, זיא איז גאר דער ביא ניט גיוועזען ווען דער חתן האט דעם אדיע גיזאגט זיא איז גאר ביא וואסערשטיין גיזעסין וואס זיא איז באלד נאך דעם חתן'ס אפשייד פון זאל זיך אפ גיטראגען וויא ארוים גיגנבית דארטין האט זיא איין לעבען געפונען צווישען איר גליקליכע קאמפאניע זיא האט באלד איהרע נייעס דעם הערן וואסערשטיין מיט גיטיילט, זייא האבין אלע גילאכט, יא, יא, האט זיא איינינע מאל ווידער האלט, איך ווערדע מיך פערהייראטען מיט איין זשיד וואס זאגען זיא הערר וואסערשטיין, מיט איין ישיבה בחור זיך צוא פערמאהלען ער לעבע ניכט זא לאנגע. איז דען איהר פאטער זא דום? האט גיפרעגט נאך איין שטימע פון אגעוויסען ניט לאנג פארגעשטעלטען הערן „בלאך" — איר פאטער איז איינער דער פרומער יודען אונ ליבט זייער דעם יודישען תלמוד, פערשטייען זיא הער בלאך האט זיך אפ גירופען דער אלטער הער וואסערשטיין מיט אלאכענדען טאן.

דיזע פאמיליע איז גיוועזען איינע זייער פערשייטע איהר דענקט פילייכט דאס זייא זיינען גיוועזען אגעבילדעטע פאמיליע אונ האבין

עס

עֶם אַלְץ מִיט פִילָאזָאפִיא גִירֶעט גָאט בֶּעוַואר דֶער אַלְטֶער וואסער-
שטיין אִיז אַמָאל גִיוֶוען, וָואס רֵייד אִיךְ אַמָאל דָא גָאר נִיט לַאנְג
מִיט פִינְף יָאהר צוּרִיק, אַשְׁנַיידֶער מֶען דֶער צַיילְט דָאס אִין מִיטָן
גֵייעֶן פְלֶעגְט עֶר אָפּ לַאכֶען פוּן אִידִישְׁקַייט אוּנ פְלֶעגְט רוֹיכֶען
פַּאפִּירוֹס גְרַאדֶע שַׁבָּת עֶר פְלֶעגְט בַּאשְׁמִירֶען אַשְׁטִיק בְּרוֹיט מִיט
פּוּטֶער אוּנ אוֹיבֶּען אַרוֹיף לֵייגִין פֶּענֶעצִים וואוּרְשְׁט אוּם תִּשְׁעָה בְּאָב
אוּנ עֶפֶּענִין דֶעם פֶענְסְטִיר אָפּ וַוארְטִין גְרַאדֶע וָוען אַלֶע גֵייעֶן פוּן
קִינוֹת פַאר בַּייא זַיין פֶענְסְטִיר אוּנ עֶסִין אוּם דִיא אִידֶען דַאמִיט צוּא
קְרֵיינְקִין, פְלֶעגְט אָבֶער קוּמִין יוֹם כִּפּוּר, אָה דָא אִיז גִיוָוארֶען וואסער-
שטיין אַגִישְׁטָארְבֶּענֶער דֶער גַאנְצֶער חוֹדֶשׁ אֱלוּל אִיז בַּייא אִים גִיוֶוען
שְׁרֶעקְלִיךְ עֶר פְלֶעגְט אַלֶע טָאג גֵיין אִין שׁוּל אוּנ פְלֶעגְט מַאסֶען
טְרֶערֶן פַארגִיסֶען עֶר פְלֶעגְט דֶעם חוֹדֶשׁ אַסַךְ צְדָקָה גֶעבֶּן אַגַאנְץ
יָאהר הָאט עֶר אַיין אָרֶעמַאן אַרוֹים גִיוָוארְפֶּן דוּרְךְ דִיא טִיר מִיט פַאר
שִׁיעֶדֶענֶע שִׁימְפְּפֶעָרֵייעֶן אָבֶער אִין אֱלוּל הָאט עֶר שׁוֹין גִיטַיילְט אוּנ
פְלֶעגְט תְּרָטָה הָאבִין מִיט דֶעם גַאנְצִין הַארְצִין אוֹיף זַיינֶע זִינְד יוֹם
כִּפּוּר פְלֶעגְט עֶר דֶעם גַאנְצִין טָאג אָפּ שְׁטֵיין אוֹיף זַיינֶע פוּס אוּנ
פַאר גִיסֶען אָזֶערֶעם מִיט טְרֶערֶן, עֶר אִיז גִיוֶוען שְׁטֶענְדִיג אִין שְׁטַאנְד
נוּר דִיא לֶעצְטֶע צַייטִין אִיז אִיהם גִיפַאלִין אַגְרוֹיסֶע יְרוּשָׁה אִיז עֶר
גָאר רַייךְ גִיוָוארִין, פוּן דֶעמָאלְט אָן הָאט עֶר אַוֶועק גִיוָוארְפִין זַיין
שְׁנַיידֶערַייא אוּנ אִיז גִיוָוארִין אַיין גִישֶׁעפְטְס מַאן מִיט נָאךְ אַיין
קָאמְפַּאנְיָאן אוּנ הָאט זַייעֶר גְרוֹיס אַרְטִיג גִילֶעבְּט, זַיינֶע פְרוֹיא
אִיז גִיוֶוען גְרַאדֶע פַאר קֶעהרְט זִיא אִיז גִיוֶוען פְרוּם אוּנ הָאט
פַיינְט גִיהַאט דֶעם מַאן מִיט דִיא קִינְדֶער מִיט דִיא גְרֶעסְטֶע שִׂנְאָה
זַייעֶרֶע קִינְדֶער אִיז בַּאשְׁטַאנִין פוּן צְוַוייא זִין מִיט אַיין טָאכְטֶער
אַיין זָאהן וַואר אוֹיךְ אַיין שְׁנַיידֶער גִירָאטֶען אִין טַאטִין דוּרְךְ אוֹיס,
דֶער אַנְדֶערֶער זָאהן וַואר אַיין שִׁילֶער פוּן דִיא הֶעכֶערֶע קְלַאסִין
דִיא טָאכְטֶער וַואר פֶערְהֵיירַאטְה מִיט אַיינֶם מָאלֶער מַייסְטֶער אוּנ
הָאט גִיהַאט פַאר אִיהם אַיין בִּיטֶערֶע מַעֲרָכָה עֶר פְלֶעגְט אִיר
פַּיינִיגֶען מִיט גְרוֹיסֶע פָארְוִוירְפֶע עֶרְשְׁטִינְס וַואר זִיא קֵיינֶע עֶרְלִיכֶע
צוּא דֶער הוֹיכְצַייט זִיא הָאט זִיךְ גִילָאזְט פַאר פִירֶען טָאקֶע פוּן
אִיהם

אִיהם אַלֵיין, אָבֶּער דָאךְ הָאט זִיא אִיבֶּער דֶעם פַאר שְׁפִּילְט צוּא מְרוּיא בַּייא אִיהם, אוּנ הָאט אִיהר אוֹיךְ מִיט פִיעל פַאר דַאכְטוּנְג בֶּעשׁוּלְדִיגְט, יֶעצְט וֶוען דֶער פָאטֶער אִיז רַייךְ גִיוָוארֶען אִיז אַלֶעס פַאר גְלֶעט גִיוָוארֶען, אָבֶּער דִיא פַארדָארְבֶּענְהַייטֶען אִיז בַּייא זַייא טִיעף אִין הַארְצִין גִיבְּלִיבֶּן אִין אַזַא הוֹיז הָאט זִיךְ שְׁפְּרִינְצְע גֶעבִּילְדֶעט מִיט אַזֶעלְכֶע לַייט הָאט זִיא זִיךְ פַאר נֶעמֶען, זִיא הָאט זִיךְ אִינְטֶרֶעסִירְט מִיט דֶעם וואסערשטיין דֶעם שִׁילֶער צוּא טִיעף, גָאר צוּא טִיעף לַייכְטְזִינִיג וַואר זִיא גֶענוּג זִיא הָאט אָן גֶענוּמֶען זַיינֶע פַאר שְׁפְּרֶעכוּנְג וָואס עֶס וַוארֶען גַאנְץ זִיס, עֶר הָאט אִיר פַאר שְׁפְּרָאכֶען וֶוען עֶר וֶועט אוֹיס שְׁטוּדִירֶען אַלְס דָאקְטָאר וֶועט עֶר מִיט אִיהר הֵיירַאטֶען, אוּנ זִיא הָאט אִיהם שׁוֹין דְרוֹיף הַאנְד גֶעלְד גִיגֶעבִּין. — יַא, בִּיטֶערֶע הַאנְד גֶעלְט, אֵיינֶע צָאהל רַייכֶע סוּממֶע, דֶעם גַאנְצִין יוּגֶענְד, דִיא גַאנְצֶע עֶהְרְלִיכְקַייט.

---

# דְרִיטֶעס קַאפִּיטֶעל

אברהם ליפסקינד וואר אַזָאהן פון אַיין קוֹיפְמַאן טְרָאכְט דֶעם וָואס עֶר הָאט פִיעל גִישֶׁעפְטִין גִיוואוּסְט אִיז עֶר גִיוֶוען אַיין עֶרְלִיכֶער גֶעבִּילְדִיטֶער יוּנְגֶער מַאן, דִיא פַּארְטֵיע וַואר פַאר אִיהם גָאר נִיט פַאסֶענְד דֶער פָאטֶער זַיינֶער הָאט דֶער פוּן גְרוֹיס פַאר דְרוּס גִיהַאט אוּנ מִיט דֶעם זָאהן לַאנְג גֶעשְׁטְרִיטֶען עֶר זָאל דִיזֶע פַּארְטֵיע נִיכְט טָאהן וַוייל עֶס אִיז נִיט גְלַייךְ, אָבֶּער דֶער זָאהן הָאט עֶס נִיט גִיהֶערְט וַוייל עֶס הָאט זִיךְ אַנְדֶערֶע אִינְטֶערֶעסֶען פַאר מִישְׁט דָאס וַואר דִיא לִיעבֶּע, וואוּנְדֶערְט אַייךְ נִיט מַיינֶע לֶעזֶערִין וִויא קֶען אַזַא מֶענְטְשׁ אִין נִיכְטְס זִיךְ פֶערְלִיעבֶּען דָאס וַואר נוּר דִיא נַאטוּר עֶר הָאט זִיךְ מִיט אִיר בֶּעקַאנְט גִימַאכְט אוֹיף אֵיינֶער הוֹיכְצַייט אוּנ הָאט זִיךְ אִין אִיר פֶערְלִיבְט אִיבֶּער דִיא אוֹיעֶרֶן, עֶר הָאט זִיךְ אַלֵיין אִיבֶּער לֵייגְט וִויא אַזוֹיא דָאס אִיז וִויא דוּם זַיינֶע לִיבֶּע אִיז, אָבֶּער וָואס קֶען עֶר זִיךְ הֶעלְפִין וִויא פִיעל עֶר הָאט מִיט זַיינֶע

גֶעוִויסֶען גֶעשְׁטְרִיטֶען צוּא פַאר טְרַייבִּין דִיא אוּנְזִינִיגֶע פְרוֹיֶענְצִימֶער פוּן זַיינֶע גִידַאנְקִין אָבֶּער עֶר הָאט נִיט גִיקֶענְט עֶר הָאט נָאךְ גָאר גִיפוּנֶען אִיהר פַארְטְהַידִיגוּנְגֶען זִיא אִיז נָאךְ נִיט גִיזֶעצְט. זִיא אִיז נָאךְ אַלְס קִינְד עֶר וֶועט אִיר רַאנְגְזַאם אוֹיס בִּילְדֶען עֶר וֶועט אִיר אִיבֶּער רֵיידִין עֶר וֶועט אִיר עֶרְקְלֶערִין וֶועט זִיא בֶּעסֶער פַאר שְׁטֵיין וֶועט זִיא בֶּעסֶער וֶוערִין, אִיהר פָאטֶער הָאט דִיזֶע פַארְטִיע מִיט פְרִידֶען עֶמְפְּפַאנְגֶען עֶר הָאט גָאט גִידַאנְקְט דֶער פַאר אוּנ הָאט עֶס פַאר אַיין גְרוֹיסֶען גְלִיק גִיהַאלְטִין זִיךְ מִיט יַאקָאבּ לִיפּסקִינד מְשַׁדֵךְ צוּא זַיין, אוּנ אַזָא הִתָן וִויא אבּראם אִיז פַאר זַיין טָאכְטֶער צוּא בַּאקוּמֶען, אוּנ גָאר אָן צֶערֶעמָאנְיָא גֶעלָאזְט אַקְנֵין מַאכֶען, יֶעצְט אִיז דָאס גִיקוּמֶען דֶער יוּנְגֶער מַאן בֶּעטְרַאכְטֶען זַיינֶע סְחוֹרָה גַאנְץ קַאלְט בְּלִיטִיג הָאט עֶר מִיט אִיר גִישְׁפְּרָאכֶען עֶר הָאט אֲפִילוּ דִיא מִינְדֶעסְטֶע לִיעבֶּע אִיהר נִיט גִיצַייגְט אוּנ הָאט אִירֶע דוּמֶע גִישְׁפְּרֶעכִין גַאנְץ קַאלְט בְּלִיטִיג אַיין גִיהֶערְט צְוַואר אִין הַארְצִין אִיז אִיהם לֶעכִיר גִיוֶועזֶן, אָבֶּער עֶר וַואר נִיט דֶער פֶּערְזָאהן פְלוּטִישׁ זַיינֶע לִיבֶּע אַרוֹיס צַייגֶען נָאךְ גָאר פַאר קֶעהְרְט עֶר הָאט אִיר נָאךְ גִיזָאגְט וִויא מִיר הָאבִּין גִיהֶערְט אוֹיבִּין עֶר הָאט נָאךְ גִיוָואלְט אָן וֶוענְדִין קְרַאפְט, אָבֶּער וִויא עֶר הָאט פוּן אִיר גִיהֶערְט דָאס אִירֶע גֶעפִילֶע זַיינֶען אַנְדֶערְשׁ אוֹיס גִיבּוֹיעֶט, אוּנ הָאט פַאר שְׁטַאנִין אַז דָא קֶען אַנְדֶערְשׁ נִיט וֶוערִין, הָאט עֶר זִיךְ בַּאשְׁלָאסִין אִיר פַארַלַאסֶען צוּא קֶענִין וָואס אָן לִיבֶּע אָן בֶּעלַאנְגְט אִיז, הָאט עֶר זִיךְ בֶּעפֶעסְטִיגְט זִיךְ צוּרִיק צוּא הַאלְטִין צוּא דִיא פְרֵיידֶע זַיינֶער עֶלְטֶערִין אוּנ צוּא דִיא פְרֵיידֶע זַיינֶער גִילִיבְּטֶע, אָבֶּער דָאךְ אִיז אִיהם גִיבְּלִיבֶּען אַשְׁטֵיין אוֹיף זַיין הַארְץ, עֶס אִיז אִיהם זֵייעֶר שְׁלֶעכְט גִיוֶועזֶן צוּא עֶרְטְרָאגִין זָא וָואס עֶר הָאט זֵייעֶר פִיעל גִילִיטֶען דוּרְךְ דֶעם, אָבֶּער עֶר הָאט מִיט אַלֶע מֶעגְלִיכְקַייטֶען זִיךְ אָפּ גִיצְוִויגֶען פוּן אִיהר בִּיז עֶר הָאט פַאר שְׁטַאנִין אַז עֶס אִיז נִיט גִיפֶעהְרְלִיךְ מֶען בַּארְף זִיךְ נִיט אַיין בִּילְדֶען אַז דֶער לֶעבִּין אִיז שׁוֹין אוֹיס וָואס גִיהֶערְט צוּא הָאפְנוּנְג מֶעג עֶר הָאפֶען, דָאס שַׁאדֶעט נִיט אוֹיבּ מֶען פִילְט אַפַארְלַייכְטֶערוּנְג קֶען מֶען אִין גַאנְצֶען דָאס פַאר

טְרַייבִּן אִיז גֶעוֶוען גַלַייכֶער , וָואלְט עֶר גֶעוואוּסְט וָואס מִיט אִיהר פַּאסִירְט גָאךְ מֶעכְטָא עֶר נָאךְ אִיר הִילְפֶע גִיוָועגְדֶעט אוּם רֶעטוּנְג , אָבֶּער זִיא הָאט גָאר נִיט גֶעשְׁרִיעֶן ,גְוַואלְד רַאטֶעוֶועט״ אִין דֶער צַייט וֶוען מֶען הָאט אִיר גִירוֹיבְּט אִירֶע אוּנְשׁוּלְד . —

דֶער פַּאר דָארְבֶּעגֶער שִׁילֶער הָאט אִיר אוּנְגְלִיקְלִיךְ גִימַאכְט וִויא מִיר וֶועלִין דוּרְךְ זַיין גֶעשְׁפְּרֶעךְ מִיט דֶעם בלאךְ —אויךְ אַזויא פַּאר דָארְבִּין וִויא עֶר— הֶערֶען .

דָאס וַואר שָׁבוּעוֹת וֶוען בלאךְ אִיז צוּא אִיהם גֶעקוּמֶען אוּנ זַייא הָאבִּין בֵּיידֶע אוּיס שְׁפַּאצִירְט אִין גֶרִינְס אַיין פְּאר וֶוערְסְט הִינְטֶערֶן שְׁטָאט זַייא בֵּיידֶע מִיט נָאךְ צְוֵייא שִׁילֶער פוּן זֵייעֶר קְלַאס ,,הָאסְט שׁוֹין דִיא ַקאץ אִין זַאק ?״ הָאט זִיךְ אָפּ גִירוּפֶען בלאךְ צוּא וואסערשׁטיין ,,וִויא פַּייעֶר״ הָאט עֶר אִיהם גִיעֶנְטְפֶערְט .

—מַז״ט דִיר ,,הָאט בלאךְ אִיהם וִוידֶער גִיזָאגְט חֶבְרָה גִיט אִיהם מז״ט״ הָאט עֶר אִין דֶער הויךְ אוּיס גֶעשְׁרִיעֶן .

—,,וָואס אִיז דָאס פַּאר אַמָזָל טוֹב ?״ הָאט אַיין שִׁילֶער גִיפְרֶעגְט , — שְׁטַייטְשׁ אִיהר וֵוייסְט נִיט ? עֶר אִיז דָאךְ גִיוָוארִין אַיוּנְגֶער מַאן , שְׁטִילֶער הָאט גִיזָאגְט וואסערשׁטיין ,,שְׁרַייט נִיט אַזויא״ דִיא אַנְדֶערֶע צְוֵייא שִׁילֶער הָאבִּין גֶעשְׁטוּינְט , קִינְדֶער לָאמִיר גֵייעֶן גִיכֶער וֶועלִין מִיר קֶענִין בַּאלְד עֶררַייכֶען דִיא דַאצֶע דִיא זָאנֶע בְּרֶענְט עֶס אִיז נִיט אוּיס צוּ הַאלְטִין , הָאט וואסערשׁטיין גִיזָאגְט דִיא רֵייד פַּאר שְׁלָאגֶענְדִיג .

,,בלאךְ , וָואס וַואר מִיט אִיהם ?״ הָאבִּין בֵּיידֶע בְּמֵעט וִויא מִיט אַיין שְׁטִימֶע אוּיס גִירֶעט , וואסערשׁטיין הָאט אִיהם גִיגֶעבִּין אַצוּפּ פַּארֶען סוּרְדוּט , בלאךְ הָאט אָן גֶעפַאנְגֶען צוּא לַאכִין , ,,גָאר נִיט״ הָאט עֶר עֶנְדְלִיךְ גֶעזָאגְט , עֶר אִיז גִיוָוארִין אַהֲתָן . —

,,מִיט וֶועמֶען ?״ הָאט אֵיינֶער גִיפְרֶעגְט , מִיט פריידע . . . . . עֶר הָאט זִיךְ אָפּ גִיהַאלְטִין וַוייל עֶר הָאט בַּאקוּמֶען נָאךְ אַצוּפּ פַּארֶען רָאק . —

אִיךְ וֵוייס , אִיךְ וֵוייס , הָאט אֵיינֶער גִיזָאגְט מִיט פריידענ־זאהנס טָאכְטֶער אִיךְ וֵוייס , זַייא זַיינֶען אַוַוייעֶע שְׁטִיל גֶעבְּלִיבֶּען ,

אונטר

אִינְטֶער דֶעסֶען זַיינֶען זַייא גִיקוּמֶען אוֹיפֶן דַאצֶע וואו זַייא הָאבִּין דָארְטִין נָאךְ פִילֶע שִׁילֶער גִיטְרָאפֶען זִינְגֶענְדִיג שְׁטִיפֶענְדִיג אִין דִיא גְרִינְסֶען , וואסערשטיין הָאט בַּאלְד גִיפוּנֶען טוֹיזֶענְדֶע בַּאקַאנְטֶע , בלאךְ הָאט זִיךְ אויךְ גִימַאכְט אַוֶועק גַייֶענְדִיג דִיא לֶעצְטֶע בַּיידָע זַיינֶען גִיבְּלִיבֶּען אַלַיין .

—בְּלוּמֶענְקְרַאנְץ דוּא הָאסְט גִיהֶערְט ? הָאט זִיךְ דֶער עֶרְשְׁטֶער אָפּ גִירוּפֶען .

—אִיךְ הָאבּ אֲפִילוּ אֵיין וָוארְט נִיט פַאר הֶערְט , אִיךְ הָאבּ אֲפִילוּ גִיזֶעהֶען וִויא עֶר הָאט אִיהם פַאר דִיא פָּאלֶע גִיצוֹיגֶען , דֶער אויסְוואוּרְף , הָאט עֶר אִיהם גִיעֶנְטְפֶערְט .

—מַיין הַארְץ שְׁטִילְט מִיר נִיט , עֶר הָאט אוּנס גְלִיקְלִיךְ גִימַאכְט אַנֶפֶשׁ וָואס וֶועט דִיא וֶועלְט אויף אוּנְז זָאגֶען , חֶבְרָה , שִׁילֶער גִימְנַאזִיסְטֶען , אוּנ זַייא וֶועלִין גַאנְץ רֶעכְט הָאבִּין .

—דָאס בִּיסְט דוּא אַנַאר הָאט בלומענקראנץ גִיזָאגְט עֶס מִישְׁט זִיךְ דוּרְךְ אִין יֶעדֶען סָארְט מֶענְטְשִׁין פֶערְשִׁיעדֶענֶע, אוּנ אִיבֶּר ר׳ יִשְׂרָאֵל דַארְף מֶען נִיט שׁוּלְדִיג מַאכִין כָּל יִשְׂרָאֵל , נוּר אַזוֹיא וָואס דַארְפִין מִיר נִיט דֶער לָאזִין אַז אַזֶעלְכֶע פַארְזָאנֶען זָאלִין דַארְפִין מִיט אוּנְז הַארְמַאנִירֶען מָארְגֶען מוּז דֶער פוּן וִויסֶען דֶער הֶערר דִירֶעקְטָאר מֶען וֶועט אִיהם גֶעווים אוֹיס דֶער גִימְנַאזְיוּם אוֹיס קְלִיוּצַייעֶן אוּנ זָאל עֶר גַייעֶן צוּם שְׁוַוארְץ יָאהר , מֶען דַארְף אִים פַאר קֶעהרְט בַּיידֶענְדִיג נִיט אִין גַאנְצִין שׁוּלְדִיג מַאכִין עֶר הָאט זַייעֶר פְּרָאסְטֶע עֶרְצִיהוּנְג אִיךְ לַייג מַיין קָאפּ אוֹיבּ דֶער פָאטֶער זַיינֶער אִיז נִיט גִיוֶוען דֶער בַּייא אוּנ הָאט גֶעשְׁמֵייכֶעלְט , דֶער פָאטֶער אִיז אַיין גְרָאבֶּער פַאר דָארְבֶּענְער מֶענְטְשׁ אוּנ זַיין זָאהן אִיז שׁוֹין בַּייא אִים אַנַאסְטָאיַאשְׁצֶער פִילָאזָאף טָא וָואס קֶען מֶען שׁוֹין פַאר לַאנְגֶען פוּן אַזַא יוּנְגְלִינְג וָואס הָאט זִיךְ נִיט פוּן וֶועמֶען צוּא לֶערְנִין צְווִישֶׁען גְרָאבֶּע אוּנְגֶעבִּילְדִיטֶע פַאר דָארְבֶּענֶע עֶלְטֶערִין . —

. וֶוער אִיזְט אָבֶּער דִיא אוּנְגְלִיקְלִיכֶע ? — מאיר פריידענזאהנס טָאכְטֶער דוּא קֶענְסְט אִיהר נִיט ? דִיא וָואס אִיז אַמָאל גִיוֶוען בַּייא

אונז אויפֿן הויף וָואס הָאט זיך גֶעקְרִיגְט מִיט דִיא גֵייטֶערְקֶע.

אַךְ, דִיא? — אִיךְ וֵויים אִיהר נָא מֶען קֶען אִיהם גָאר גִיט אַזוֹיא שְׁטַארְק פַאר שׁוּלְדִיגֶען וַוייל דִיא וֶועלְט הַאלְט אִיר גָאר פַאר אַפְּרָאסְטֶע סְחוֹרָה. —

—אִיךְ וֶועל דִיר זָאגִין עֶרְשְׁטִינְס אִיז זִיא גָאר נִיט אַזוֹיא פְּרָאסְט וְווא דִיא וֶועלְט זָאגְט, צְוֵוייטִינְס וִוידֶער וֵויים אִיךְ אַז עֶר הָאט אִיהר גִיפַּאקְט אִין זַיינֶע הֶענְט דוּא קֶענְסְט וואסערשטיינען? אוּנ וִוידֶער אַז אֲפִילוּ זִיא וָואלְט אִיהם צְווינְגֶען דַארְף עֶר, זַיין סָאווֶיעסְט, זַיין הַארַאקְטֶער נִיט הָאבִּין? זָאל עֶר גֶעהֶן אִיז אַלֶע שְׁוַוארְץ יָאהר — עֶר מוּז דָאס אֵיינֶע עֶהְרְלִיכֶע מֵיידֶעל אוּנְגְלִיקְלִיךְ מַאכִין? דֶער מֶערְדֶער.

וְויא דִיא מֶענְטְשִׁין זַיינֶען פַאר דַארְבִּין זָאל זִיךְ גָאט עֶרְבַּארְמֶען זַייא זַיינֶען נִיט וֶוערְט וָואס זֵייא גֶעהֶן אוֹיף דֶער וֶועלְט, אִיךְ זָאג דִיר עֶס גְרוֹילְט מִיר עֶס אִיז שְׁרֶעקְלִיךְ צוּא הֶערֶען, זֵייא הָאבִּין אַזוֹיא זִיךְ פַּאר שְׁפַּאצִירְט וַוייט אִין דִיא גְרֶינְסֶען אַריין, בִּיז זֵייא הָאבִּין דֶער הֶערְט הִינְטֶער זִיךְ טְרִיט וָואס הָאט זֵייא בַּאלְד עֶרְיָאגְט.

—„וָואס אִיז בלאךְ? וְויא שְׁפַּאצִירְט אִיהר?" הָאבִּין זֵייא אִיהם גִיפְרֶעגְט, אַזוֹיא גְלַאט הָאט עֶר זֵייא גִיעֶנְטְפֶערְט אִיךְ הָאבּ אַייךְ גִיוָואלְט עֶטְוָואס עֶנְטְדֶעקִין. —

הַא? וָואס! עֶנְטְדֶעקִין? הָאט בלומענקראנץ גִיפְרֶעגְט, — מִיר וִוילֶען עֶס גָאר נִיט הֶערֶען פוּן דֶעם שׁוֹפֵט, פוּן דֶעם אוֹיסְוואוּרְף זָאל עֶר גֶעהֶן צוּם טַייפֶעל מִיר וִוילֶען פָאן אִיהם נִיט וִויסֶען, עֶר זָאל גָאר אִין אוּנְזֶער קָאמְפַּאנִיֶע נִיט אַיינְטְרֶעטִין פַאר פְּלוּכְט זָאל דֶער גִילֶעהְרְטֶער זַיין וָואס וֶועט מִיט אִיהם עֶטְוָואס הַארְמָאנִירֶען, זָאל עֶר גֶעהֶן. בלאךְ הָאט זִיךְ מִיט זֵייא אוֹיף אֵיין וֶועג פַאר גְלַייכְט זֵייא הָאבִּין אָן גִיפַאנְגֶען צוּא רֵיידִין צְוִוישֶׁען זִיךְ פוּן אַנְדֶערֶע דִינְגֶע בִּיז בלאךְ הָאט פַאר שְׁטַאנְין דָאס עֶר אִיז כִּמְעַט אַיין אִיבֶּרִיגֶע פֶּערְזָאהן אִין זֵייעֶר גִיזֶעלְשַׁאפְט, אַלְזָא הָאט עֶר זִיךְ אָפְּרוּקֶעוְדִיג בִּיסְלִיךְ וַויים אוֹיף אַיין אַנְדֶערֶע שְׁטֶעגֶע פַאר קֶערֶעוֶועט.

דער

דֶער פַאר פְלוּכְטֶער אִיז אוֹיךְ נִיט בֶּעסֶער פַאר יֶענֶעם הָאט בלומענקראנץ גִיזָאגְט עֶר אִיז דָאס גִיקוּמֶען אוּנְז עֶנְטְדֶעקִין .

—וָואס פַאר שְׁטֵייסְט דוּא נִיט ? הָאט דֶער אַנְדֶערֶער אִיהם גִיעֶנְטְפֶערְט דָאס אִיז נוּר פָאן קִנְאָה וַואהְרְשַׁיינְלִיךְ הָאט דַאס מֶעדְכֶען זַיינֶע קָאמְפְּלִימֶענְטֶע קַאלְט עֶמְפְּפַאנְגֶען נָאר וִויא עֶס אִיז, אִיז עֶס, אִיךְ שֶׁעמֶע מִיךְ זָאגַאר מִיט אַזֶעלְכֶע אוּנְוִוירְדִיגֶע זִיךְ אוֹיף דֶער שְׁטְרַאססֶע צוּא טְרֶעפֶען נוּר אַם וֵויינִיגְסְטֶען וֶועל אִיךְ אִיהם דִינֶען פוּן גִימְנַאזְיוּם מוּז עֶר פָארְט אַרוֹיס גֶעיָאגְט וֶוערְדֶען , זַייא זַיינֶען בֵּיידֶע אִין אֵיינֶע פוֹיזֶע , דֶער עֶהרְלִיכֶער גֶעוִויסֶען הָאט זֵייא בֵּיידֶען גִיפְּלַאגְט .

———

# פֶּערְטֶעס קַאפִּיטֶעל

אַהאלְב יָאהר אִיזְט פַאר לָאפֶען , ר׳ מאיר פריירענזאהן אִיז גִיוָוארֶען שְׁטַארֶקֶער אוּנ שְׁטַארֶקֶער אִין שברת הלב מִיט זַיין טָאכְטֶער, שפרינצען אִיז אִין אַקוּרְצֶע צַייט אַרוּנְטֶער דֶער גַאנְצֶער קָאלִיר פוּן אִיהר שׁוֹינְהַייט זִיא וַואר אַלֶעבֶּענְדִיגֶער פְרַאגֶע צֵייכֶען פַאר יֶעדֶען, וָואס הָאט גִיקֶענְט מִיט אִיהר פַּאסִירֶען וָואס זִיא אִיז גִיוָוארֶען מִיט אַמָאל אַזוֹיא פַאר עֶנְדֶערְט , בַּייא וואסערשטיין הָאט זִיא עֶפֶּעס פְּלוּצְלוּנְג אוֹיף גִיהֶערְט צוּא גֶעהֶן , זִיא אִיז גִיוָוארֶען זֶעהר מֶעלַאנְ- כָאלִישׁ פְלֶעגְט זִיצֶען מַאנְכֶע מָאל אוּנ וֵויינֶען , דֶער פָאטֶער הָאט בֶּעמֶערְקְט דָאס זִיא אִיז אַזוֹיא פוּן גֶעזִיכְט אַרוּנְטֶער אוּנ הָאט אִיר אֵיינִיגֶע מָאל גִיפְרֶעגְט וָואס עֶס בֶּעדַייטֶעט, זִיא הָאט אִיהם נִיט גִיזָאגְט , דֶער פָאטֶער הָאט פְּרוּבִּירְט אִיר אָן מוּטְהֶען אַשִׁידוּךְ זִיא הָאט עֶס אוֹיךְ נִיט עֶנְטְזַאגְט דֶער פָאטֶער הָאט גוּט פַאר שְׁטַאנִין אַז דָא מוּז גְרוֹיסֶע אוּמְעֶנְדֶערוּנְגֶען זַיין , עֶר הָאט אַלֶץ גִיוַוארְט אוּנְד גִיוַוארְט בִּיז עֶר הָאט זִיךְ דָאךְ בֶּעשְׁלָאסֶען אַלֶעס פוּן אִיהר אוֹיס פָארְשֶׁען , דָאס וַואר אַיין מָארְגֶען וֶוען דֶער פָאטֶר הָאט בֶּעמֶערְקְט

אז

אַז זִיא וֵויינְט אוּנ קְרֶעכְצְט . עֶס הָאט זִיךְ בַּאלְד בַּייא אִיהם מִיטְלֵייד גִיפוּנֶען אוּנ הָאט אַלְזָא אָן גִיפַאנְגֶען צוּא ווֵיינֶען מִיט אַיין בִּיטְטֶע זִיא זָאל אִיהם עֶרְקְלֶערִין וָואס עֶס בֶּעדַייט , לַאנְג הָאט זִיא אִיהם גִיט גִיוָואלְט זָאגֶען זִיא הָאט זִיךְ גִיצַאפֶּעלְט צוּא פַאר רֵיידֶן אָבֶּער עֶס הָאט קֵיין זַאךְ נִיט גִיהָאלְפִין עֶר הָאט פוּן אִיהר מִיט אַלֶע זֵיינֶע קְרֶעפְטִין פוּן אִיר גִיפָאדֶערְט זִיא זָאל אִיהם זָאגִין דִיא וָוארְהַייט בִּיז זִיא הָאט אִיהם מִיט פִּיעלֶע טְרֶערִין עֶנְטְדֶעקְט אוּנ גֶעשְׁטַאנְדֶען (מוֹדֶה גִיוֶוען) דָאס זִיא אִיז פַאר פִּיהרְט גִיוָוארֶען פוּן וואסערשטיין אוּנ רִיכְט זִיךְ גַאנְץ קִירְצְלִיךְ נִידֶערְקָאמְמֶען (גִילֶעגֶען צוּ וֶוערֶן).

דִיזֶע נַאכְרִיכְט הָאט עֶרְרַייכְט דֶעם אַלְטֶען וִויא אַקוִויל אִין זַיין בְּרוּסְט עֶר הָאט אַפִּירְכְטְלִיכֶען גֶעשְׁרֵייא גִיטָאן אוּנ אַוָּוארְף גִיגֶעבִּין דִיא קָאפְּף אִין וַואנְד בֵּיידֶע פּוֹיסְטֶען אִין דִיא הָאר אַרַיין גִילָאזֶען אוּנ יָאמֶערְלִיךְ גִיוֵויינְט זִיא אִיז פוּן דִיזֶע עֶרְשַׁיינוּנְג נָאךְ מֶעהר צוּא צִיטֶערְט גִיוָוארִין עֶס הָאט אִיהר גִיוָוארְפֶען אַצְאן אִין אַצָאן , יֶעצְט אִיז צַייט , יֶעצְט אִיז צַייט , הָאט זִיא בַּייא זִיךְ גִיטְרַאכְט דֶער פָאטֶער אִיז גִיוָוארֶען הֶעכְסְט אִין כַּעַס עֶר הָאט גִיגֶעבִּין אַוָּוארְף דִיא טִיר פוּן אִיהר צִימֶער אוּנ אִיז אַרוֹיס מִיט נִיט אַוָּוארְט שְׁפְּרֶעכֶענְד. עֶר הָאט זִיךְ גִילֵייגְט שְׁלָאפֶען מִיט דִיא גְרֶעסְטֶע צֶערְשְׁטְרֵייאוּנְג הָאט אָבֶּער דָאךְ נִיט גִיקֶענְט אַנְשְׁלָאפֶען וֶוערֶן עֶר אִיז נוּר גִילֶעגֶען אוּנ הָאט גִיוֵויינְט , אַקְלֵיינֶער בֶּעוֶועגוּנְג הָאט זִיךְ גִיהֶערְט פַאר בַּייא זַיין טִיר עֶר הָאט אָבֶּער פַאר הֶערְט . —

—„גְלִיקְלִיךְ גְלִיקְלִיךְ בִּין אִיךְ" הָאט שפּרינצע גִיזָאגְט אַז זִיא אִיז שׁוֹין מִיט אֵיין פוּס אִיבֶּערֶן שְׁוֶועל גִיוֶוען אוּנ גִינוּמֶען לוֹפֶען גְלַייךְ צוּם טַייךְ , דִיא נַאכְט אִיז גִיוֶוען פִינְסְטֶער עֶס הָאט אַבִּיסֶעל אוּנְטֶער גִירֶעגִינְט דֶער בַּייא וַואר אוֹיךְ אַגְרוֹיסֶער וִוינְד דִיא אוּהר הָאט שׁוֹין אָפּ גִישְׁלָאגֶען אֵיינְס , אַלֶע הָאבֶּן שׁוֹין גִישְׁלָאפֶען הַארְטְלִיךְ דָאס קֵיינֶער הָאט בֶּעמֶערְקְט דִיא אוֹיפֶן גַאס לוֹיפֶענְדֶע מִיט אֵיין אָטֶעהם אִיז זִיא צוּם טַייךְ גִיקוּמֶען דִיא וֶועלִין הָאבִּין פוּן וִוינְד זִיךְ מִיט צָארֶען גִיוָוארְפֶען עֶס הָאט גִירוֹישְׁט אוּנ גִיבְלֶעטֶערְט דִיא בוֹימֶער

פוּן

פון דעם דאבייא שטייענדיגען גלח'ס לוכט גארטען, זיא וואר שוין האלב גישטארבען פון שרעק זיא איז צוא גילאפען שנעל צוא דיא וועלין אונ גיוואלט אזויא ארויין שפרינגען, וויא אשנעלע פלינקע האנד האט איר צוריק אשלעפ גיגעבין אבער זיא האט שוין ניט גיפילט זיא וואר שוין האלב גישטארבען. —

ניט לאנג האט גידויערט וויא עס האט זיך גיהערט טריט פון אלזיפענדען אלטען מיט פאר בראכענע הענד זיין שרייען איז גיוועזן פאר טויבט צווישען דיא ווינדען, ער איז גיוועזן אויסען זינען ער האט אין אלע קאנטען גיזוכט אונ ניט גיפונען מיט איין וויילינקע פריער וואלט ער נאך זיינע טאכטער ערוואוכט. —

אזויא טרעפט עס מיט אונז מענטשין פיעל מאל אין איין וויילינקע פאר זאמען מיר אונזער גאנצען גליק, מאנכע מאל אפפערן מיר אכאך אונ מיט איין אויגענבליק פאר זאמען מיר דעם שפיטץ צוא עררייכען אונ מיר גליטשען זיך ארונטער פון דעם גאנצען בארג אונ אדיע אלע מיהע, מען פילט נור וויא עס טוט וויא דיא פלייצעס, אין איין אויגען בליק האט דער אלטער פאר לארען זיינע טאכטער אויף מארגען איז דער אלטער פריידענזאהן שבעה גיזעסען אונ אין שטעטעל איז אקלאנג גיוועזן אז שפרינצע האט זיך דער טרונקען איבער אליובאווניק. —

---

## פינפטעס קאפיטעל

דיא שבעה איז פאר לאפען דער אלטער פריידענזאהן איז אבער אלץ אין טרערין גיוועזן ער האט בערייהעט וואס ער האט זיך מיט איהר אזוי קאלט בעהאנדילט וואלט ער אם וויניגסטען איהר גיטרייסט וואלט זיא זיך דאך דעם טויט ניט אן געמאכט, נור פאר פאלען זיין הארץ האט איהם אפילו ניט געשוויגען אבער וואס קען ער זיך העלפין, ער איז אוועק גילאפען באלד זיין גאנצע

הארץ

הארץ אוים גיסען פאר וואסערשטיין דארט וועט ער זיך מיט אמעסיר אין איהם נוקם זיין, ער איז אריין גילאפען אונ האט אן גענומען דעם יונגען גימנאזיסט פארן ברוסט אונ האט איהם מיט כעס גיווארפען אונ געשאקעלט, דער יונגער וואסערשטיין איז גיווארען בלאס וויא דיא וואנד אין שטוב איז גיווארען פון דיא מוטער אונ דיא קינדער אגרויסע יללה דער פאטער איז באלד צוא גילאפען מיט דער פראגע וואס האט איר צו מיין זאהן? פריידענזאהן האט געשריען מערדער! וואס האסט דוא מיין טאכטער פון מיר גערויבט? עס איז באלד צו זאמען גילאפען אגאנצער נארד פאליציייא האט זיך בעוויזען מען האט צוואר דעם וואסערשטיינען צוא גענומען ווייל ער וואר שוין פארווערנט אויף איניגע שקאנדאלען, אבער עס האט ניט לאנג געדויערט האט מען איהם ארויס גילאזען ווייל עס איז קיין ריכטיגע בעווייזע ניט גיוועזען, דען אויך איז גיוועזען דער אלטער וואסערשטיין אבריק אין לשון אונ האט עס גיקענט בעסער דורך מאכען פאר פריידענזאהנען, דער יונגער פארדארבענער וואסערשטיין איז גיווארען העכסט אין צארען אונ האט געוויזען פריידענזאהנען דעם פויסט, איך וועל אייך לערנען אלטער הונד, האט ער איהם גיזאגט, אין שטעטיל האט זיך אפ גיטאהן מעשים אומעטום האט מען וועגען דעם גירעדט אלע האבין רעכט אום געגעבען טאקע פריידענזאהנען וואראום מען האט גיקענט שפרינצען זיא וואר צוא לאזען, נור איניגע גימנאזיסטען האבען דיא ציינער געשארפט אויף איהם זייא האבען געוואוסט וויא וייט ער איז פאר דארבען, אונ פון וואנען דער גאנצער אונגליק שטאמט, אבער זייא האבין גיווארט אויף אצייט.

נאך איניגע מאנהייט איז פאר לאפען עס איז שוין גיווארען אין שטעטיל אביסעל שטילער וועגין דעם עס פלעגין נור דער מאנין ווייבער וואס האבין אלאנגע צייט גירעדט ארום ארץ אין דער וועלט קען דאך ניט זיין דאס זייא זאלען אזא היילגע זאך ניט אריין מישען, אזא זאך איז טאקע בייא זייא טייער דען זייא קענין האבין צוא

רֵיידֶען אונ צוא רֵיידֶען אויף יָאהרֶען לַאנְג , אונ יֶעדֶען מָאל אִיז דָאס אַלֶץ בַּייא זֵייא נַייעס , זָאנְסְט הָאט שׁוין דִיא גַאנְצֶע שְׁטֶעטִיל אויף גִיהֶערְט וֶוענִין דֶעם צוא רֵיידֶען , צְוַוייא הָאבֶּען דָאס אָבֶּער נִיט פֶערְגֶעסִין דָאס וַוארֶען פון פריירענזאהן אונ פון וואסערשטיין , וואסערשטיין הָאט נִיט גִיבֵּיינְקְט נָאךְ זַיינֶע גֶעלִיעבְּטֶע , עֶר הָאט נור גִיטְרַאכְט וִויא צוא בֶּעצָאהלֶען פריירענזאהן וָואס עֶר אִיז דֶער שׁולְדְנֶער וָואס מֶען הָאט אִיהם פון גימנאזיום אִיסְקְלוּצַייעט וַוייל דֶער דִירֶעקְטָאר הָאט גוט פַאר שְׁטַאנֶען דִיא זַאךְ , אונ מֵיינְט אִיהר אַז עֶר הָאט רַאבֶּע נִיט גֶענומֶען ? אָט הֶערְט זִיךְ אַיין וָואס עֶס הָאט פַּאסִירְט .

אִין אַיין מִיטֶען נַאכְט הָאט זִיךְ גִיהֶערְט גֶעווַאלְדִיגֶע גֶעשְׁרַייעֶן פון פריידענזאהנס הויז זֵייא הָאבִּין זִיךְ אַלֶע אויף גֶעכַאפְּט אונ הָאבִּין דֶער זֶעהֶען וִויא דִיא גַאנְצֶע הויז אִיז אַרום גֶענומֶען אִין פְלַאמֶען עֶס בְּרֶענְט רונְד אַרום , עֶס טְרַאסְקֶעט דֶער דַאךְ עֶס אִיז גֶעווָארֶען גֶעשְׁרַייעֶן קולות בִּיז דֶעם הִימֶעל דִיא גַאנְצֶע שְׁטֶעטִיל זַיינֶען גֶעשְׁטַאנֶען דֶער בַּייא מֶען הָאט נִיט גִיהָאלְפֶען רַאטֶעוֶוען נֵיין, פִיעלֶע גְרויסֶע אִידֶען זַיינֶען גָאר גִישְׁטַאנֶען אונ הָאבִּין זִיךְ גֶעקְלַאפְּט אִין דִיא קֶעפּ אונ בַּאלְד הָאבִּין זֵייא דִיא צורֶעס אומְגֶעקֶעהְרְט דֶער בַּאקְלַאפְּטֶער זָאל נִיט וִויסֶען פון וַואנֶען עֶס אִיז גֶעקומֶען אָט אַזויא שְׁפִּיעלְט מֶען זִיךְ בַּייא אונְז אִידֶען אַז אונְזֶערֶע בְּרִידֶער בָּארֶען זִיךְ אִין פַייעֶר אונ אִין אַנְדֶערֶע גִיפַאהרֶען (סַכָּנוֹת) אונ מִיר זַיינֶען אַלֵיין צוא שׁויעֶר אונ יֶענֶעמְס אונגְלִיק אִיז בַּייא אונְז אַשְׁפִּיעל .

דִיא גַאנְצֶע נַאכְט הָאט גִיבְּרֶענְט עֶס אִיז נִיט גֶעבְּלִיבֶּען אַגֶעדֶעבֶּענִים פון דִיא גַאנְצֶע גֶעבַּיידֶע פון זֵייעֶר הָאב אונְד גוטְס אויף מָארְגֶען פְרִיא עֶרְשְׁט הָאט דֶער פַייעֶר זִיךְ גֶעשְׁטִילְט פון צָארֶען, דָאס וָואס מֶען הָאט גֶערַאטֶעוֶועט הָאבִּין דָאס גַנָבִים צוא טְרָאגֶען וַוייל עֶס הָאט זִיךְ גֶעוֶועלְגֶערְט אִין גַאס , אַלֶע מֶענְטְשֶׁען זַיינֶען זִיךְ פֶערְנַאנְדֶער גֶעגַאנְגֶען עֶס זַיינֶען נור גֶעבְּלִיבֶּען וַויינֶענְדִיג פריידענזאהן מִיט דִיא וַוייבּ מִיט חיקען , אַיין אַכְט יֶעהרִיגֶע מֵיידִיל

דיערע וואו זאלין זייא זיך אהין טאן? דיא ארעמע געבאך.

פילע מענטשין האבין שוין גאר ניט גיקלערט אז דאס זאל דיא ראבע זיין פון וואסערשטיין עס איז שוין אצייט פון פיר מאנהייט, אבער פריידענזאהן האט פאר שטאנין אונ דיא פאליצייא האט גינומען שטארק חוקר ודורש זיין דיא זאך דיא פערראבטונג איז באלד געפאלען אויף וואסערשטיין, ווייל עס האט איונגער מאן איבער צייגט אז מיט איניגע טעג פריער האט וואסערשטיין בייא איהם גיפרעגט אויב פריידענזאהנס הויז איז פאר סטראבירט מען האט געפונען אין דיא מיסט בייא וואסערשטיין אין הויף פאפירליך וואס וואר פאר נאטירט שוועבעלאך, אייל, פעטראליום, דיא פאפירלאך ווארען אויס געריסען פון זיין טאשענביכעל וואס דער סלעדאוואטעל האט צוא געפאסט אין בונד אונד נאך דיא האנד שריפט קורץ מען האט איהם פעסט גענומען איניגע מאל דאפרא-סעוועט ער זאגט איין ווארט „ער ווייסט ניט" דאך האט ער זיך נאך אמאנהייט צייט ארויס געגעבין פאר דעם פאר ברעכער ער האט אויף אלעם געשטאנדען (מודה גיוועז) מען האט איהם טיבטיג פאר אורטהיילט צוא פאר שיקען אין אקורצע צייט.

---

## זעקסטעס קאפיטעל

אפאר צענדלינג מייל פון דעם פייער שאדען, אין אקליינע בויער היטטע איז נידער געקאמען אונזער שפרינצע, איונגער מאן וואר העכסט בעזארגט וועגען איהר ער איז בייא איר דיא גאנצע צייט געזעסין אונ האט ניט אפ געטראטען, זיא האט אויף איהם אזויא פראבט ליעבע פאל געבליקט דאס דער וואלט אמאל גיזעהען וויא זייא ביידע האבען זיך בייא איהר פאטער אין הויז אין זאל געצאנקט וויא זיא האט דאן איהם אזויא קרום אן געבליקט וויא פיינט זיא האט איהם דאן געהאט, וויא האט זיא גיוואלט דאן

פון

פון איהם פְּטוּר וֶוערין וויא גְלִיקְלִיךְ איז זיא אָבֶער יֶעצְט גֶעוֶועזֶן
אַז ער איז בַּייא איהר גֶעוֶועסֶען אַז ער הָאט איהר פְרַיינְדְלִיךְ אָן
גֶעבְּלִיקְט אוּנ בֶּדוּיעֶרְט, נָאךְ גְלִיקְלִיכֶער וָואלְט זיא גֶיוֶוען וָוען ער וָואלְט
אִיהר אָן גֶעמוּט יֶעצְט אִין פֶערְבּוּנְד צוּא קוּמֶען, וויא נַארֶעשׁ בִּין
אִיךְ גֶעוֶוען! הָאט זיא זִיךְ גִיטְרַאכְט וויא דוּם בִּין אִיךְ גֶעוֶוען!
וויא פַּיין וויא הֶערְלִיךְ ער איז וויא גֶעלַאסֶען וויא מֶענְטְשֶׁעס ער
בֶּעהַאנְדֶעלְט זִיךְ מִיט איהר אִין אַזַא קְרִיטִישֶׁע צַייט. „צוּא וָואס
טְהוּט ער עֶס?" הָאט זיא זִיךְ אֵיינִיגֶע מָאל גֶעפְרֶעגְט צוּא וָואס?
אוּנ הָאט זִיךְ טַאקֶע בַּאלְד פֶערְעֶנְטְפֶערְט, נוּר דוּרְךְ מֶענְטְשֶׁענ־
פְרַיינְדְלִיכְקַייט זיא הָאט שׁוֹין גֶעמֶערְקְט וויא ווייט גְרוֹיס מוּטְהִיג
ער איז, דיא צָרוֹת הָאבִּין איהר שׁוֹין פַאר אַמֶענְטְשֶׁען גֶעמַאכְט זיא
איז שׁוֹין אַנְדֶערְשׁ גֶעוָוארֶען גֶעוֶוען זיא וָוען זיא וואלט שׁוֹין אִיהם מִיט דֶעם
גַאנְצֶען הַארְצִין גֶעבֶּעטֶען „עֶנְטְשׁוּלְדִיגוּנְג" וֶוען עֶס זָאל צְוֶועקְפָּאל
זַיין, זיא הָאט זִיךְ פַאר אִיהם שׁוֹין נִיט גֶעשֶׁעמְט מִיט איהר לַאגֶע
ער הָאט איר גְלַייךְ גֶעבֶּעטֶען זיא זָאל זִיךְ מִיט קֵיינֶעם שְׁטֶעסְנַייעֶן
זיא זָאל אִיהם הַאלְטֶען פַאר אַיין רִיכְטִיגֶען פְרַיינְד פַאר אַיין לִיבֶּען
בְּרוּדֶער אוּנ ער שְׁטֶעהט איהר צוּא הִילְף מִיט אַלֶע זַיינֶע קְרֶעפְטִין
מִיט אַלֶע מֶעגְלִיכְקַייטֶען.

דָאס נִיעֶדֶער קָאמֶען הָאט גֶעדוּיעֶרְט אַיין כָּאנְהַייט צַייט בִּיז
זיא איז צוּא זִיךְ גֶעקָאמֶען אוּנ איז שׁוֹין אִין שְׁטַאנְדֶע גֶעוֶוען צוּא
עֶרְגְרַייפֶען אִירֶע גֶעזוּנְדְהַייט ער הָאט זִיךְ גֶעשְׁלָאגֶען מִיט דֶער דֵעָה
וויא זָאל ער יֶעצְט טָאן, לִיעבְּט לִיעבֶּען ער איהר גְרֶענְצְלָאז, איהר
צוּא הֵיירַאטֶען עֶרְלוֹיבְּט אִיהם זַיין גֶעוִויסֶען נִיכְט צוּא גֶעהמֶען
אֵיינֶע אוּנְבַּאוָועלֶע מֶעדְכֶען וָואס וֶועלִין זַיינֶע עֶלְטֶערֶן זָאגֶען זַייא
וֶועלִין זִיךְ אַמַעֲשֶׂה אָן טָאן אַז זַייא וֶועלִין דָאס דֶער הֶערֶען פוּן
אִירֶער זַייטֶע איז ער שׁוֹין גַאנְץ גוּט זִיכֶער גִיוֶוען דָאס זיא וֶועט
נִיט עֶנְטְזַאגֶען, וויא בֶּעשְׁלִיסְט מֶען דָאס בַּייא זִיךְ צַלֵיין, ער
הָאט זִיךְ אִין אָנְפַאנְג בֶּעשְׁלָאסֶען מִיט איהר זִיךְ צוּא גֶעזֶעגְנֶען אוּנ
גֶעהֶען זַיין וֶועג ווייל ער הָאט שׁוֹין בֶּעמֶערְקְט דָאס זיא איז גֶעזוּנְד

נוּר

נור דאס קינד איז זייער קראנק געוואָרען האט זיא זיך בעשלאָסען אין דעם זעלבּיגען אָרט נאך עטוואס צוא פאר בּלייבּען צוא וואַרטען ביז דאס קינד וועט געזונד ווערין דארום האט זיא איהם געבּעטען ער זאל נאך אַפּאר טאגע פערבּלייבּען בּיז זיא וועט זיך בּעשליסען וויא אַהין צוא קומען מיט דאס קינד צוא זיך וועגדען צוא אירע עלטערן אָדער זיך אַוועק לאזין אין דער בּרייטע וועלט, אָבּער דאס קינד איז געשטאָרבּען, זיא האט זייער נאך דעם קינד געוויינט אָבּער ער האט איהר ערקלערט ד׳ מיט האט גאט אויף איהר רחמנות געהאט, זיא האט זיך טאקע ענדליך טרייסטען געלאזט, אין אַקורצער צייט איז זיא פיעל מונטערער געוואָרען עס זיינען איהר צוריק אַלע פארבּען אָן געקומען, אָבּער זיא וואר שוין אַנדערש ענטוויקעלט מיט איין אַנדער זינען זיא האט שוין געוואוסט עפּעס פון אַוועלט, זיא האט שוין פּראַקטיצירט, אונ זיא האט שוין אויף ריכטיג געליבּט ליפסקינד אונ פערשטאַנען אַז ער איז ליבּענסווירדיג; אָבּער וויא ערראייכט מען זיין האַנד זיא האט שוין פאר שטאַנען אַז עס איז ניט דיא אַמאליגע יאָרען עס איז שוין אַראפּ אַבּיסעל דער שטאָלץ. —

ענדליך האט זיא זיך בּעשלאָסען צוא פאר רייזען נאך אויסלאַנד, דען עס וואר איהר שווער צוא ריק צוא קעהרען נאך הויזע צוואר זיא האט ניט געוואוסט וואס דארטען טוהט זיך אָבּער זיא האט זיך פאר געשטעלט.

זיא האט אירע מיינונגען ערקלערט דעם ליפסקינד, אָבּער ער האט איהר דער פון אָפּ געשלאָגען, אונ האט איהר ערקלערט דאס עס לוינט ניט זיך אַזויא ווייט צוא פאר טרייבּען, ליבּערסט זיא זאל נאך בּלייבּען אין דער זעלבּיגע היטטע אַקורצע צייט בּיז מען ווירד איהר פאטער דער פון מעלדען אונ מיט איהם זיך בּעראַטען וואס צוא טאן, אונ אַזויא איז ווירקליך געוועזען זיא איז פאר בּליבּען דאָרט אין בּויער היטטע אונ ליפסקינד איז אַוועק. איהר זייט געווים נייגעריג צוא וויסען מייגע לעזערין וויא קומען

זייא

זַייא דָא בֵּייֶדע צוּא זַאמֶען אוּנ דָאס זָאל אַייךְ בַּאלְד עֶרְקְלֶערְט וֶוערֶן , עֶרְשְׁטִינְס מוּסְט אִיהר וִויסֶען דָאס יֶענֶע פְלִינְקֶע הַאנְד וָואס הָאט אִיר פוּן אִירֶע שְׁרֶעקְלִיכֶע מֶעסִינְגַקייטֶען צוּרִיק גֶעצוֹגֶען וַואר אוּנְזֶער אַבַּאקַאנְטֶער פֶערְזָאהן בלוּמענקראנץ אַיין שִׁילֶער פוּן הֶעכֶערֶע קְלַאסֶען זַיינֶע עֶהרְלִיכְקַייט הָאט זִיךְ שׁוֹין אוֹיבֶּען אָפְּ גֶעשְׁפִּיגֶעלְט עֶר אִיז גֶעוֶוען אֵיינֶער פוּן דִיא פַיינְסְטֶע בְּרַאפֶע יוּנְגֶע לַייט אִיהם הָאט עֶס גֶעלִינְגֶען צוּא רַאטִיוֶוען דֶעם נֶפֶשׁ וָואס עֶר הָאט צוּא פֶעלִיג גִיהֶערְט אִירֶע שְׁטִימֶע וֶועהרֶענְד זִיא הָאט גִיזָאגְט יֶעצְט בִּין אִיךְ גְלִיקְלִיךְ , אַרוֹים קָאמֶענְד אוֹיפֶען שְׁוֶועל פָאן אִיהר פָאטֶערְס הוֹיז , דָאס זִיא וַואר אֵיינֶע אוּנְגְלִיקְלִיכֶע הָאט עֶר דָאךְ שׁוֹין גֶעוואוּסְט , אוּנ אַז ליפּסקינד לִיבְּט אִיהר הָאט עֶר אוֹיךְ צוּא גֶענוֹיא גֶעוואוּסְט וַוייל דֶער זֶעלְבֶּער ליפּסקינד וַואר זַיין אַקוּזֶענְג אוּנ ליפּסקינד הָאט צוּא אִיהם גֶעשְׁרִיבֶּען עֶר זָאל אַכְטוּנְג גֶעבֶּען אוֹיף דִיא סְצֶענֶען וָואס וֶועט מִיט אִיר פַּאסִירֶען , יֶעצְט אַלְס עֶר אִיז בַּייא זִיךְ אוֹפֶען קְוַוארְטִיר פוּן זַיינֶעם אַקָאמֶערַאדֶען גִיגַאנְגֶען אוּנ הָאט גִיהֶערְט דִיא וֶוערְטֶער יֶעצְט בִּין אִיךְ גְלִיקְלִיךְ הָאט עֶר בַּאלְד פֶּעסְטֶע טְרִיט הִינְטֶען נָאךְ אִיהר נָאךְ גֶעשְׁטֶעלְט בִּיז עֶר הָאט אִיר עֶרְגְרִיפֶען זִיא הָאט נִיט גֶעוואוּסְט אוֹיף וָואסֶער וֶועלְט זִיא אִיז , עֶר הָאט גֶענוּג מִיהע גֶעמוּסְט לֵייגֶען בִּיז זִיא אִיז צוּ זִיךְ גֶעקוּמֶען , הֶעכְסְט פֶערְוואוּנְדֶערְט וַואר זִיא אִיבֶּער דֶעם אוּנ הָאט אָנְגֶעפַאנְגֶען בִּיטֶער צוּא וֵויינֶען אוּנ קְלָאגֶען אוּנ הָאט זִיךְ גִיוָואלְט אוֹיס רַייסִין פוּן זַיינֶע הֶענְד זִיא הָאט אִיהם שְׁטַארְק גֶעבֶּעטֶען עֶר זָאל אִיהר בֶּעפְרַייעֶן , עֶר הָאט אָבֶּער מִיט זַיינֶע שְׁטַארְקֶע הֶענְד אִיהר פֶּעסְט גֶעהַאלְטֶען אוּנ הָאט אָנְגֶעפַאנְגֶען אִיהר צוּא טְרֵייסְטֶען , לַאנְג הָאט עֶס אוֹיךְ גֶעדוֹיעֶרְט בִּיז עֶר הָאט אִיהר אִיבֶּער גֶערֶעדְט , עֶנְדְלִיךְ הָאט עֶר אִיהר גֶעבֶּעטֶען זִיא זָאל אִיהם אַלֶעס דֶער צֵיילֶען , אוּנ אַלְס זִיא הָאט אִין אִיהם אַלְס אָרְדֶענְטְלִיכֶען מֶענְטְשֶׁן עֶרְקֶענְט הָאט זִיא אִיהם וִוירְקְלִיךְ אַללֶעס דֶער צֵיילְט , אוּנ דֶער בַּייא הָאט זִיא צוּא אִיהם גֶעזָאגְט דָאס וֶוען נִיט הַיינְט אִיז מָארְגֶען לֶעבֶּען

קען

קֶען זִיא נִיט, הָאט עֶר אִיהר נִיט גֶעוָואלְט גֶעטְרוֹיֶען צוּא הוֹיזֶע צוּא לַאסֶען, אַלְזָא הָאט עֶר אִיהר אַוֶועק גֶעפִירְט אִין דִיא זֶעלְבֶּע בּוֹיֶער הִיטֶע וְויא מִיר הָאבִּין אִיהר גֶעפוּנֶען, פוּן דָארְטֶען הָאט עֶר צוּא זַיינֶעם קוּזֶענגֶע אָפּ גֶערַייזְט אוּנ הָאט אִיהם דֶער צֵיילְט דֶעם גַאנְצֶען אִינְהַאלְט וְויא עֶס הָאט פַּאסִירְט מִיט זַיין גֶעלִיבְּטֶע, אוּנ וְויא אַזוֹיא עֶר הָאט אִיהר מִיט גְרוֹיס מִיה אָפּ גֶעהַאלְטֶען פוּן דֶעם טוֹיט, דֶער לִיפסקִינד וְויא עֶר הָאט דָאס דֶער הֶערְט אַב-וָואהל עֶר אִיז אוֹיף אִיהר זֵייעֶר בֵּייז גִיוֶוען, אָבֶּער דִיא לִיבֶּע הָאט אַלֶעס פַּאר דֶעקְט, דֶער בַּייא הָאט זִיךְ אִין אִיהם דֶער וֶועקְט גְרוֹיס רַחֲמָנוֹת אוֹיף אִיהר, הָאט עֶר זִיךְ בַּאלְד גֶעלָאזְט פָּאהרֶען צוּא אִיהר אוּנ הָאט דָארְט אִין דִיא בּוֹיֶער הִיטֶע אַזוֹיא לַאנְג פַּאר בְּרַאכְט בִּיז זִיא אִיז נִיעדֶערְגֶעקָאמֶען.

אַלֶעבֶּענְדִיגֶע פְּרַאגֶע קֶענְט אִיהר יֶעצְט פְּרֶעגֶען, וְויא קֶען עֶס מֶעגְלִיךְ זַיין וֶוען עֶר אִיז דֶער בַּייא גֶעשְׁטַאנֶען וְויא זִיא הָאט אַזַא נַארֶעשְׁקַייט בֶּעוְויזֶען אוּנ זָאל זִיךְ דָאךְ בֶּעשְׁלָיסֶען אִיהר צוּא הֵיירַאטְהֶען, דָאס אִיז טַאקֶע אַפְּרַאגֶע, אָבֶּער נוּר פַּאר אַזוֹיא אֵיינֶעם וָואס וֵייס נִיט וָואס לִיעבֶּע אִיז, דַארוּם זָאל עֶר וְויסֶען דָאס עֶס וַואר אַלֶעס אִיבֶּער זַיינֶע לִיעבֶּע צוּא אִיהר, אוּנ אַז דָאס קִינְד אִיז גֶעשְׁטָארְבֶּען אוּנ זִיא אִיז טִיכְטִיג גֶעזוּנְד גֶעוָוארֶען אוּנ זִיא הָאט אָנְגֶעפַאנְגֶען צוּא בְּלִיהֶען צוּרִיק אוּנ עֶר אִיז שׁוֹין זִיכֶער גִיוֶוען אַז יֶעצְט אִיז שׁוֹין נִיט וְויא אַמָאל זִיא אִיז אוּנְטֶערְגֶעבֶּען אִין אַלֶעס זַיינֶען שׁוֹין אוֹיף זַיינֶע קֻשְׁיוֹת תְּרוּצִים גֶעקוּמֶען, דָאךְ הָאט עֶר אִיהר נָאךְ נִיט גֶעלָאסְט מֶערְקֶען וֶועגֶען זַיינֶע לִיעבֶּע, עֶר וַואר נוּר צוּא אִיהר הֵיים מִיט רַחֲמָנוֹת אוּנ מִיט אוֹיס דְרוּק פוּן פְּרַיינְדְלִיכְקַייט:

---

# זיבֶּענְטֶעס קַאפִּיטֶעל

פריידענזאהן .אִיז גֶעוָוארֶען הֶעכְסְט אָרֶעם עֶר הָאט שׁוֹין אִין שְׁכֵנוֹת גֶעוואֹהנְט אִין אַיין אָרֶעמֶען צִימֶער, דִיא שְׂרֵיפָה הָאט אִיהם אִין גַאנְצֶען צוּא גְרוּנְדֶע גֶערִיכְטֶעט , עֶר אִיז גֶעוֶוען אִין אַזוֹא אַיין קְרִיטִישֶׁע לַאגֶע דָאס ,עֶס הָאט אִים פָּשׁוּט אוֹיף בְּרוֹיט גֶעפֶעהְלְט דִיא וָואס זַיינֶען אִיהם שׁוּלְדִיג גִיוֶוען הָאבֶּען בַּייא זִיךְ אַרֶעכְט גֶעפוּנֶען אִיהם נִיט צוּא בַּצָאלֶען וַוייל ,עֶר וַואר שׁוֹין אָרֶעם וָואס וֶועט ,עֶר דֶען אוֹיסְפִירֶען אַז ,עֶר קֶען דָאךְ מִיט זֵייא שׁוֹין נִיט הַאנְדְלִין וַוייטֶער, דַארִיבֶּער דַארְף מֶען אִיהם נִיט בֶּעצָאהְלֶען , אוֹיף דֶעם אוֹפֶן אִיז אִיהם אַ־גַאנְץ גְרוֹיסֶער קַאפִּיטַאל פַאר פַאלִין גֶעוָוארֶען , וִויא זָאל ,עֶר גֶעבַּאךְ טָאן , ,עֶס אִיז מֶערְקְוִוירְדִיג גֶעוֶוען צוּא זֶעהֶען וִויא אִין אַזַא קוּרְצֶע צַייט אִיז גִיוָוארֶען פוּן ר׳ מאיר פריידענזאהן , ר׳ מאיר טרויערזאהן , אוּנ עֶר הָאט טַאקֶע שְׁטֶענְדִיג־גֶעטְרוֹיעֶרְט אוּנ גֶעוֵויינְט נָאךְ זַיינֶע טָאכְטֶער אוּנ נָאךְ זַיין הָאב אוּנ גוּטְס וָואס עֶר הָאט פַארְלוֹירֶען , ,עֶר הָאט שׁוֹין פַאר זִיךְ אַלֵיין נִיט גֶעזָארְגְט וָואס ,עֶס פֶעהְלְט אִיהִם לֶעבֶּענְסְמִיטֶעל אוּנ וָואלְט שׁוֹין טַאקֶע גֶעקֶענְט זִיךְ אַזוֹיא אָפּ לֶעבֶּען זַיינֶע יָאהְרֶען בִּיז דֶעם לִיכְטִיגֶן קֶבֶר אָבֶּער ,עֶס הָאט נָאךְ אִיהם גֶעפְּלַאגְט זַיינֶע אֵיינְצִיגֶע מֵיידֶעל וָואס ,עֶר הָאט אוֹיף דֶעם שׁוּים גֶעהַאלְטֶען גֶעקוּסְט אוּנ גֶעהַאלְזְט . „בַּאלְד וֶועט דִיא מַאמֶע אַרַיין טְרָאגֶען בְּרוֹיט חייענקע וֶועסְט דוּא עֶסֶען" הָאט ,עֶר צוּא אִיהר גֶעזָאגְט וֶועהרֶענְד עֶר הָאט פַאר שְׁטַאנֶען אַז זִיא אִיז גוּט הוּנְגֶערִיג אוּנ שְׁוַוייגְט נֶעבַּאךְ , אִין אַוַיילֶע אַרוּם אִיז אַרַיין גֶעקוּמֶען דִיא מוּטֶער מִיט לֵיידִיגֶען , —

„הָאסְט נִיט גֶעקְרָאגֶען ?" הָאט ,עֶר גֶעפְרֶעגְט .

—נֵיין ! הָאט זִיא גִיעֶנְטְפֶערְט , זִיא גִיט נִיט .

זֶעהסְטוּ שׁוֹין הַא ? הָאט פריידענזאהן צוּא זַיין פְרוֹיא גֶע-זָאגְט אוּנ צְוֵוייא גְרוֹיסֶע טְרֶערֶן אִיז אִיהם אַרוֹים פוּן זַיינֶע אוֹיגֶען

וויא

זאך , אונ דער בייא האט ער איהם דער ציילט אלעס וואס ער ווייס פון זיין טאכטער ער האט איהם נאר ניט ערציילט וועגען איר נידערקאמען אום איהם ניט צוא בעשעהמען ; פריידענזאהן מיט זיינע פרויא זיינען איהם געפאלען צוא זיינע פיס אונ האבין גיוויינט אונ איהם גידאנקט פאר דיא גוטע נאכריכט „גענוג , גענוג , האט ער געשריען מיין טאכטער לעבט נאך" , אבער . . . . . ליפסקינד האט זיך ניט געמאכט הערענדיג דעם אבער , קיין פעדער איז אים שטאנדע דיא פריידע פון דיא אלטע פאאר הערענדיג דאס זייער טאכטער לעבט , צוואר זייא האבן דאך איהר ווייניג ליעב גיהאט אבער זיא איז דאך אקינד בפרט כמעט איינע איינציגע , אין דיא זעלביגע נאכט איז פריידענזאהן מיט זיינע פרויא געפארען צוא דיא טאכטער .

## שלום

אין איניגע וואכען ארום האט שוין פריידענזאהן געלעבט פיל בעסער דער יונגער ליפסקינד האט איהם דורך געהאלפען מיט קאפיטאל זייא האבען אריין געצויגען אין דער שטאט וויא דער ליפסקינד האט גיוואהנט, זיין פאטער האט פון קיין זאך ניט געוואוסט ער האט געמיינט דאס פריידענזאהן איז דער זעלבער , דיא טאכטער איז אויך דיא זעלביגע וואס גיוועזן .

דיא פארטיע וועלכע פריידענזאהן'ס טאכטער האט יעצט מיט דיא גרעסטע צוא פריעדענהייט אונ מיט טויזענדע פערשפרעכונגען איהם טרייא צוא בלייבען איז געשלאסען גיווארען אויף עוויג , זיא האט טאקע ניט פערפעהלט איהר פערשפרעכען , זיא האט איהם ריין געליעבט , זיא האט שוין גוט פערשטאנען דעם אונטערשיעד פון וואסערשטיין ביז ליפסקינד , זיא וואר איהם אונטערגעגעבען אלע אירע לעבענסטאגע מיט דיא גרעסטע רעשפעקט , זיא האט זיך אימער פאר איהם געשעמט אונ האט איהם געליבט געאכטעט אונ טרייא געבריבען .

וִויא פְּיעל טוֹבוֹת הָאט זִיא פוּן אוּנְז גִיהַאט וְויא פְּיעל גְמִילוּת חֲסָדִים וְויא פִּיעל מָאל הָאט זִיא מִיר דִיא הֶענְט גֶעקוּסְט יֶעצְט גִיט זִיא אוּנְז נִיט אוֹיף בָּארְג אֲפִילוּ פַאר אַגִילֶדְען בְּרוֹיט, גְוַואלְד גָאט וָואס הָאסְט דוּא פוּן מִיר גֶעמַאכְט אַשְׁפִּילְכֶעלֶע פַאר מַיינֶע שׂוֹנְאִים, עֶר הָאט זִיךְ בַּייא דִיא וֶוערְטֶער שְׁטַארְק צוּא וֵויינְט, הוּנְגֶערִיגֶערְהֵייד זַיינֶען זֵייא שְׁלָאפֶען גֶעגַאנְגֶען, אָבֶּער קוֹים זַיינֶען זֵייא אַנְשְׁלָאפֶען גֶעוָוארֶען הָאט זִיךְ גֶעלָאזְט הֶערֶען אֵיינִיגֶע קְלֶעפּ אִין דֶער טְהִיר.

„וֶוער אִיז דָא?" הָאט עֶר גֶעפְרֶעגְט.

—„זַייט אַזוֹיא גוּט עֶפֶענְט" פריידענזאהן אִיז גְלַייךְ אַרָאפּ פוּן זַיין גִילֶעגֶער אוּנ אִיז גֶעגַאנְגֶען אוּנ הָאט גִיעֶפֶענְט דִיא טִיר עֶר הָאט בַּאלְד אַלִיכְט אָן גֶעצוּנְדֶען אוּנ הָאט בֶּעמֶערְקְט דֶעם אַרֵיין קוּמֶענְדִיגֶען.

—„וָואהִנְט דָא פריידענזאהן?" הָאט גֶעפְרַאגְט דֶער אַרֵיין קוּמֶענְדִיגֶער, אוּנ הָאט זִיךְ בַּאלְד פַאר חַאפְּט, אַךְ וָואס מַאכְט אִיהר פריידענזאהן?.

„אל תקרי לי נעמי, הָאט פריידענזאהן מִיט טְרֶערֶן גֶעזָאגְט, אִיךְ בִּין שׁוֹין נִיט מֶעהר פריידענזאהן עֶס אִיז שׁוֹין אַרָאפּ דֶער גְלַאנְץ פוּן מַיין הוֹיז, אִיךְ בִּין שׁוֹין אַיין אָרֶעמַאן, אַיין אֶבְיוֹן, גָאט הָאט מִיךְ גֶעשְׁטְרָאפְט לִיבֶּער ליפסקינד. —

„אִיךְ הָאבּ שׁוֹין גִיהֶערְט פוּן אַייֶער שְׂרֵיפָה מַיין פְרַיינְד אִיךְ וֵויים שׁוֹין אַייֶערֶע אַלֶע אוּם גְלִיקֶען, אָבֶּער פֶערְלָאסְט זִיךְ אוֹיף גָאט".

אִין שְׁטוּבּ אִיז גֶעוָוארֶען אַבִּיסֶעלֶע פְרַייֶער וַוייל עֶס אִיז עֶטְוַואס טְרֵייסְט צוּא גֶעקוּמֶען זֵייא הָאבֶּען זִיךְ בֵּיידֶע אַנִידֶער גִיזֶעצְט פריידענזאהן הָאט אִיהם אֵיינְצִיגְוַויים דֶער צֵיילְט אַלֶע זַיינֶע טְרֶעפוּנְג, נָאר אֵיין זַאךְ הָאט עֶר פֶערְבָּארְגֶען פוּן אִיהם. —

מַיינֶע לִיבֶּע לֶעזֶער אִיהר קֶענְט אַלֵיין פֶערְשְׁטֵיין וְויא אַזוֹא דֶער עֶדֶעלֶער ליפסקינד אִיז גֶערִיהרְט גֶעוָוארֶען פוּן זַיינֶע פִיל טְרֶערִין, עֶנְדְלִיךְ הָאט עֶר אִיהם עֶנְדֶעקְט דָאס זַיין בֶּעזוּךְ אִיז נִיט קַיין פוּסְטֶע

זאך

בּייא דיא חַתוּנָה זַיינֶען פוּן דֶעסְט וֶועגֶען גִיוֶוען אַלֶע מקבלים זַייא הָאבֶּען גֶענוּמֶען רח"ש מִיט בֵּיידֶע הֶענְד זַייא הָאבֶּן אפילוּ נִיט גֶעוואוּסְט אָבֶּער אַז זַייא וָואלְטֶען יָא גֶעוואוּסְט וָואס וָואלְט עֶס גִישַׁאט אַדַאֲגָה זַייא הָאבֶּן, אַבִּי עֶטְלִיכֶע גוּלְדֶען, דֶער אַלְטֶער הָאט זַיינֶע יָאהרֶען עֶרמוּנְטֶערְט עֶר הָאט נַחַת גִיהַאט צוּ פִירֶען זַיין כִּמְעַט פַּאר שְׁטָארְבֶּענֶע טָאכְטֶער צוּא דֶער חוּפָּה מִיט אַזַא פְּרַאכְט, דיא אַלְטֶע אִיז אוֹיךְ לֶעבֶּדִיג גִיוֶוען בִּשַׁעַת זִיא הָאט גֶעטַאנְצְט מִיט דיא מְחוּתֶּנֶסְטֶע פַאצֶענְדִיג מִיט דִי הֶענְד „הַכְּלַל“ הָאט זִיא גִיזָאגְט בְּשַׁעַת מַיין מַאן הָאט גִיהַאט שברת הלב וָואס דֶער שִׁידוּךְ וֶוערְט נִיט הָאבּ אִיךְ מִיר גִילַאכְט, אִיךְ הָאבּ אִיהם גִיזָאגְט: מאיר וָואס בֶּעקִימֶערְסְטוּ זִיךְ אַזוֹיא? אוֹיבּ עֶס אִיז פוּן גָאט בַּאשֶׁערְט וֶועט נִיט זַיין פוּן לַייטֶען גֶעשְׁטֶערְט „וָואס בֶּעשֶׁערְט דָאס בֶּעוֶוערְט“.

# ע נ ד ע

